דוד מאַטיס

# די וועלט
# פון
# טשאַרלי טשאַפלין



איקוף  פאַרלאַג

ניו־יאָרק

„די וועלט פון טשאַרלי טשאַפּלין״ איז געווידמעט דעם אָנדענק
פון מיין ברודער קאָרפּאָראַל ראובן מאַטיס־מאַטוסעוויטשיוס
געפאַלן אין די שלאַכטן אין אַנזיאָ, איטאַליע,
דעם 18טן פעברואַר, 1944.

Dedicated to the Memory of My Brother
CORPORAL RUVINAS MATIS-MATUSEVICIUS
Killed in Action, Anzio Beach-head, Italy
February 18, 1944

**פון זעלבן מחבר:**

ס׳ווערט צוגעגרייט צום דרוק:

**„דער ייד אין פילמס און יידישע פילמס"**

דאָס בוך וועט דערשיינען אין פרילינג 1961

# אינהאַלט


**קאַפּיטל א: טשאַרלי טשאַפּלין זעט די וועלט**

1. טשאַרלי טשאַפּלין — ווער איז ער?; 2. אין שול פון לעבן; 3. טשאַפּלינס וועג אין האליוואוד; 4. קרייץ־צוגן קעגן טשאַפּלינען; 5. טשאַפּלין זעט די וועלט; 6. פּראָפעסאָר איינשטיין און טשאַרלי טשאַפּלין — — — — — — — — — — — — — — — 11

**קאַפּיטל ב: טשאַפּלין ביי דער אַרבעט**

1. טשאַפּלין — דער יוניאָן־מיטגליד; 2. טשאַפּלינס שאַפונגס־פּראָצעס; 3. אַ טאָג אין טשאַפּלינס סטודיאָ; 4. טשאַפּלין — דער אומאָפּהענגיקער קינסטלער — — — — — — — — — — — — — — 33

**קאַפּיטל ג: טשאַפּלינס פילם־שאַפונגען אין דער רוזוועלט־עפּאָכע**

1. פּרעזידענט רוזוועלט וועגן טשאַפּלינס „פּראָפּאַגאַנדע"; 2. טשאַפּלינס העלד — די אַנטוויקלונג פון קליין מענטשעלע; 3. „מאָדערנע צייטן" און דער „גרויסער דיקטאַטאָר"; 4. די רעדע פון יידישן מלחמה־וועטעראַן — — — — — — — — — — — — — — 47

**קאַפּיטל ד: דער ייד אין טשאַפּלינס פילמס — טשאַפּלין וועגן יידישע פּראָבלעמען**

1. טשאַפּלינס ייד — אַנטוויקלונג פון אַ פילם־טיפּ; 2. יידישע פּראָבלעמען אין „גרויסן דיקטאַטאָר"; 3. יאָ ייד, ניט־ייד — דער גרויסער וויכוח; 4. טשאַפּלין — דער סימבאָל אין דער דיסקוסיע וועגן זיין יידישקייט; 5. טשאַפּלין אויף אַ באַזוך אין דעם מאָריס שוואַרץ קונסט־טעאַטער; 6. טשאַפּלין וועגן יידן און יידישע פּראָבלעמען — — — — — — — — — — — — — — 59

**קאַפּיטל ה: טשאַפּלין דורך שלום צום שיר השירים פאַרן לעבן**

1. אין דינסט פון פאָלק; 2. טשאַפּלין — דער פילם־קינסטלער פון שלום און סאָציאַלן יושר; 3. דער טרויעריקער אמת פון

טראַגישן „מעסיע ווערדו״ ; 4. „בינע ליכט״ — אַ שיר השירים פאַרן מענטשן און לעבן ; 5. טשאַפּלינס טרוים — והיה באחרית הימים — — — — — — — — — — — — — — — — — — 79

**קאַפּיטל ו : פּאַנטאָמימע, מוזיק, באַלעט אין טשאַפּלינס פילם־שאַפונגען**

1. פּאַנטאָמימע — טשאַפּלינס פילם־שפּראַך ; 2. טאַנץ און באַ־לעט אין טשאַפּלינס פילמס ; 3. טשאַפּלינס מוזיק־שאַפונגען ; 4. טשאַפּלינס קונסט־מיטלען — — — — — — — — — — — — 97

**קאַפּיטל ז : שלום עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין**

1. שלום עליכם רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן וועגן טשאַפּלינען; 2. מנחם מענדל, טביה, מאָטל און טשאַפּלינס קליין מענטשעלע; 3. שלמה מיכאָעלס און איציק פעפער אויף אַ באַזוך ביי טשאַפּ־לינען ; 4. שלום עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין — די קינסטלער פון געלעכטער דורך טרערן ; 5. פאַר אַ וועלט אָן טרערן — — 107

**קאַפּיטל ח : טשאַפּלין צו 70 — מיטן פּנים צום לעבן**

1. טשאַפּלינס אַמעריקע ; 2. „אַ קעניג אין ניו יאָרק״ ; 3 טשאַפּלין ביים אָנהויב פון זיין שאַפונגס־וועג ; 4 ביים ראַנד פון לעבן ; 5. טשאַפּלין צו 70 — מיטן פּנים צום לעבן — — — — — — — — — 125

**קאַפּיטל ט : טשאַפּלינס שאַפונגען — רשימה און אינהאַלט** — 142

צו די לייענער — — — — — — — — — — — — — — — — — — 7

ביבליאָגראַפיע — — — — — — — — — — — — — — — — — — 8

זוכצעטל — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 160

# צו די לייענער

אַ צייטונגס־מאַן ברענגט געוויינלעך נייעס. אַ בוך אין יידיש וועגן טשאַפּלינען איז נייעס.

די נייעס דאַרף געבראַכט ווערן אין דער געהעריקער צייט. דאָס בוך „די וועלט פון טשאַרלי טשאַפּלין" דערשיינט צום זיבעציקסטן געבורטס־טאָג פונעם פילם־קינסטלער.

טשאַרלי טשאַפּלין איז דער איינציקער פילם־קינסטלער אין דער גאָרער וועלט וועגן וועמען ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ רייכע ליטעראַטור. צענדליקער ביכער וועגן טשאַפּלינען זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָרן אין די פאַרשיידנסטע שפּראַכן, צווישן זיי אין ענגליש, רוסיש, פראַנצויזיש און העברייאיש.

„די וועלט פון טשאַרלי טשאַפּלין" איז דאָס ערשטע בוך וועגן דעם פילם־קינסטלער אין יידיש.

דער מאַטעריאַל פאַרן בוך איז געזאַמלט געוואָרן אין משך פון פיל יאָרן מיט דער הילף פון פיל פריינט. זיי אַלעמען די האַרציקסטע דאַנקען. אַ דאַנק אויך די פריינט, וועלכע האָבן געמאַכט אַ ביישטייער צום בוך דורך זייערע וויכטיקע אָנווייזונגען און באַמערקונגען. פאַר די מיינונגען איבער׳ן בוך ווי פאַר די געבראַכטע פאַקטן איז, פאַרשטייט זיך, פאַראַנטוואָרטלעך בלויז דער שרייבער.

מאַרק שאַגאַל, דער גאון פון פאַרבן אין דער וועלט פון מאַלעריי, האָט אין אַ געשפּרעך מיטן שרייבער פון די שורות (פאַריז, 1957), דערקלערט צווישן אַנדערן:

„איך בין נאָענט באַקאַנט מיט טשאַפּלינען און מיר באַטראַכטן זיך ווי גוטע פריינט. יעדער איינער האָט דאָס רעכט אויפצופאַסן טשאַפּלינען און זיינע פילמס ווי ער וויל און פאַרשטייט. איך באַטראַכט טשאַפּלינען פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע קינסטלער פון אַלע צייטן. ער באַהערשט פול־שטענדיק זיינע קונסט־מיטלען, האָט וואָס צו זאָגן און קען קינסטלעריש אַרויסברענגען זיין שעפערישע וועלט אין זיינע פילמס".

ס'בלייבט איצט, ווי שטענדיק, פאַרן לייענער צו געבן די ענדגילטיקע אָפּשאַצונג פון דעם פאַרזוך אַריינצוברענגען אין דער יידישער ליטעראַטור אַ ווערק אויף אַ נייער טעמע, מיטן בוך „די וועלט פון טשאַרלי טשאַפּלין".

**דוד מאַטיס**

ניו־יאָרק, אַפּריל 16, 1959.

# ביבליאָגראַפיע

## אין יידיש


טשאַרלי טשאַפּלין, „האַלאָ אייראָפּע״ (מיין וואונדערלעכע נסיעה), יידיש א. ליבקין, פאַרלאַג „ליטעראַטור״, וואַרשע, 1930.

טשאַרלי טשאַפּלין, „אין וואָס באַשטייט דער סוד פון מיין דערפאָלג?״, וואַרשע, „ליטעראַרישע בלעטער״, 29טן מאַי, 1925.

י. י. טרונק, „טשאַרלי טשאַפּלין״, ניו־יאָרק, „צוקונפט״, נאָוועמבער 1953.

מ. ירדני, „אַ דערמאָנונג פון אַ באַזוך ביי טשאַרלי טשאַפּלין״, מעקסיקע סיטי, „די שטימע״, מאַי 15 און מאַי 22, 1954.

נ. ב. לינדער, „שלום עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין״, ניו־יאָרק, „דער טאָג״, אַפּריל 2, 1939.

מאַריס שוואַרץ און יוליוס אַדלער, „טשאַרלי טשאַפּלין צוגאַסט ביי יידישע אַרטיסטן״, וואַרשע, „ליטעראַרישע בלעטער״ נומער 23, 1934.


## אין העברייאיש


א. ב. יפה, „צ׳ארלי צ׳אפלין, חייו ויצירתו״, תל־אביב, הוצאת „עידית״.


## אין ענגליש


BOWMAN W. DODGSON: CHARLIE CHAPLIN, HIS LIFE AND ART, John Day Company, New York, 1931.

CHAPLIN, CHARLIE: MY TRIP ABROAD, Harper and Brother, New York, 1922.

CHAPLIN, CHARLIE: A COMEDIAN SEES THE WORLD, Woman's Home Companion, Sept., Oct., Nov., Dec., 1933, Jan., 1934.

COTES, PETER and NIKLAUS, T.: THE LITTLE FELLOW, Paul Elek, London, 1951.

DELLUC, LOUIS: CHARLIE CHAPLIN, TRANSLATED (from French), by Hamish Miles, John Lane Company, London, New York, 1922.

GOLD, MICHAEL: CHARLIE CHAPLIN'S PARADE, Illustrated by O. Soglow, Harcourt, Brace and Company, New York, 1930.

HUFF, THEODORE: CHARLIE CHAPLIN, Henry Schuman, New York, 1951.

MINNEY, R. J.: CHAPLIN: THE IMMORTAL TRAMP, George Newnes Limited, London, 1954.

PAYNE, ROBERT: THE GREAT GOD PAN, Hermitage House, New York, 1952.

TYLER, PARKER: CHAPLIN, LAST OF THE CLOWNS, Vanguard Press Inc., New York, 1947.

ULM, GERITH VON: CHARLIE CHAPLIN, KING OF TRAGEDY, Caxton Printers, Ltd., Caldwell, Idaho, 1940.


## אין רוסיש


СОКОЛОВ, И. В.: Чарли Чаплин, Жизнь и творчество, Москва, Госкиноиздат, 1938

ЭЙЗЕНШТЕЙН, С.: Хелло, Чарли! Кино, 17 апреля 1939

САДУЛЬ, ЖОРЖ: Жизнь Чарли, перевод с французского, Издательство Иностранной Литературы, Москва, 1955

ОЛЕША, Ю.: Мысли о Чаплине, избранные сочинения, Государственное Издательство Художественной Литературы, Москва, 1956

קאַפּיטל א

# טשאַרלי טשאַפּלין זעט די וועלט...

1. טשאַרלי טשאַפּלין — ווער איז ער?
2. אין שול פון לעבן
3. טשאַפּלינס וועג אין האליוואוד
4. קרייץ־צוגן קעגן טשאַפּלינען
5. טשאַפּלין זעט די וועלט
6. פּראָפעסאָר איינשטיין און טשאַרלי טשאַפּלין

# טשאַרלי טשאַפּלין זעט די וועלט . . .

1.

מיליאָנען מענטשן איבער גאָר דער וועלט זיינען איבערצייגט, אַז אין טשאַפּלינס פילם-שאַפונגען קומען קינסטלעריש צום אויסדרוק זייערע אייגענע געפילן, זייערע וואונטשן און טרוימען. די מיליאָנען זיינען אויך איבערצייגט, אַז טשאַפּלין איז זייער קינסטלער, אַ פאָלקס-קינסטלער, וועמענס שאַפונגען וועלן לעבן לדור-דורות.

דאָס וואָרט פון די מיליאָנען, צווישן זיי די פּראָמינענטסטע פילם-קינסטלער און שאַפער, האָט אין די לעצטע יאָרן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין אַ צאָל וויכטיקע אָפּשטימונגען:

אויף דער וועלט-אויסשטעלונג אין בריסעל, בעלגיע, זומער 1958, זיינען לויט דער רעקאָמאַנדאַציע פון 117 פילם-עקספּערטן פון 26 לענדער געוויזן געוואָרן די 12 בעסטע פילמס פון אַלע צייטן. טשאַפּלינס „דער גייעג נאָך גאָלד" („גאָלד ראַש") האָט אינעם צעטל פאַרנומען דעם אויבן-אָן.

דעם פילם „דער גייעג נאָך גאָלד" האָט טשאַפּלין געשאַפן נאָך אין יאָר 1925.

אין 1950 האָט דער אַמעריקאַנער זשורנאַל „וואַראַיעטי" דורכגעפירט אַן אָפּשטימונג צווישן שוישפּילער, פילם-רעזשיסערן, שרייבער און פילם-טעכניקער וועגן די דערגרייכונגען אין דער וועלט פון פילם אין די ערשטע פופציק יאָר פונעם איצטיקן יאָרהונדערט. די אָנטיילנעמער האָבן פּראָקלאַמירט:

„טשאַרלי טשאַפּלין איז דער וויכטיקסטער פילם-קינסטלער פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט".

אין די לעצטע פערציק יאָר האָבן זיך אָבער אויך געהערט שטימען, אָפּטמאָל גאַנץ בייזע שטימען, וואָס האָבן אָפּגעוואָרפן די מיינונגען פון די מיליאָנען מענטשן וועגן טשאַפּלינען. על פי רוב, באַלאַנגען אָט-די שטימען צו יחידים אָדער גרופּן, וואָס פאַרמאָגן מאַכט אָבער האָבן ווייניק-וואָס צו טאָן מיט דער וועלט פון קונסט.

אַזוי, צום ביישפּיל, האָט זיך אין אָנהויב 1959 אָפּגעשפּילט אַן עכט-טשאַפּלינישע טראַגי-קאָמעדיע אין דעם שטעטעלע היקסוויל, לאָנג איילאַנד, ניו-יאָרק, ווען די ביבליאָטעק-פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן צו ווייזן די קורצע פיר טשאַפּלין-פילמס פון 1916-1917: „דער אויפפּאַסער אין אַ גרויסן

געשעפט", "דער פייערלשער", "דער לאָמבאַרד", און "די היילונג". אַ פּרויען־גרופּע אינעם שטעטל, וואָס באַצייכנט זיך אַלס "די פריינט פון דער היקסוויל־ביבליאָטעק", האָט באַלד פּראָטעסטירט קעגן דעם באַשלוס. די גרופּע האָט געטענהט, אַז ס'איז אַ שאָד אויסצוגעבן פון דעם שטייער־צאָלערס געלט די סומע פון 22 דאָלער מיט 50 סענט אויף צו ווייזן פיר טשאַפּלין־קאָמעדיעס. די הויפּט־טענה פון דער גרופּע איז געווען, אַז טשאַפּלינס פילם־שאַפונגען האָבן גאָרנישט ניט צו טאָן מיט קונסט און אַז טשאַפּלין, דער פילם־קינסטלער, איז גאָר קיינמאָל ניט געבוירן געוואָרן...

זינט 1914, ווען טשאַפּלינס העלד האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אויפן לייוונט אינעם פילם "אַבי מען מאַכט אַ לעבן" ("מעיקינג עי ליווינג"), ווערט געפירט אַ לעבעדיקער וויכוח:

ווער איז ער, טשאַרלי טשאַפּלין?

2.

אויף אַ באַזוך אין לאָנדאָן, אין 1921, האָט טשאַפּלין זיך אָפּגעשטעלט ביי דער געביידע פון דעם סעינט טאָמאַס שפּיטאָל און מיט טרערן אין די אויגן אַ זאָג געטאָן צו זיינע פריינט:

"זעט איר אָט־דאָס פענצטער? ס'איז דאָס פענצטער פונעם צימער, אין וועלכן מיין אָרעמער פאָטער איז געשטאָרבן. איך בין דאַן נאָך געווען אַ קינד. איך קאָן אָבער בשום אופן נישט פאַרגעסן יענע נאַכט. איך בין דאַן ניט געווען אַלט גענוג צו באַגרייפן די באַדייטונג פון דער געשעעניש אין מיין לעבן. איך בין אָבער געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט ביים פענצטער, אין דער קעלט און אין דער פינצטערניש און האָב פאַרגאָסן ביטערע טרערן, וואַרטנדיק אויף די נייעס, פאַר וועלכער איך האָב זיך אַזוי געשראָקן... ("מיין רייזע אין אויס־לאַנד", ניו־יאָרק, 1922).

מיטן פּלוצלונגדיקן טויט פון זיין פאָטער, טשאַרלס ספּענסער סיניאָר — אַ פאַרוויילער אויף דער פּאָפּולערער ענגלישער בינע — זיינען דריי לעבנס — דער פינף־יאָריקער טשאַרלי, זיין עלטערער שטיף־ברודער סידני און זייער מוטער האַנאַ — אַריינגעשליידערט געוואָרן אין אַ ביטערן געראַנגל פאַרן לעבן גופא.

אַזוי איז טשאַרלי טשאַפּלין, אין עלטער פון פינף יאָר, אַריינגעטראָטן אין דער שול פון לעבן.

דאָס לעבן איז געווען און איז געבליבן עד־היום דער קוואַל פאַר זיינע גראַנדיעזע פילם־שאַפונגען, דער רייכער און שפּרודלדיקער קוואַל פאַר זיינע באַגייסטערנדיקע און קאָנסטרוקטיווע אידייען און פאַר זיין פאַרגעשריטענעם וועלט־באַנעם. אין אָט־דער שול האָט זיך אַנטוויקלט און איז געוואָקסן טשאַפּלינס עקשנות אויפצונעמען יעדן קאַמף קעגן די כוחות, וואָס האָבן כסדר געזוכט צו פאַרניכטן דעם פילם־קינסטלער פון סאָציאַלן פּראָגרעס און אומ־צוברעכנגען דורכדעם זיין פּאָפּולערן העלד — "דאָס קליינע מענטשעלע", — דעם טריבון פאַר סאָציאַלן יושר און וועלט־שלום.

טשאַפּלין האָט גערירשנט זיין טאַלאַנט פון זיינע עלטערן —ביידע באַ־

קאַנטע פּאַרוויילער אויף דער פּאָפּולערער ענגלישער בינע, און ער האָט אַנטוויקלט זיין טאַלאַנט אויף די גאַסן פון דער אָרעמשאַפט אין לאָנדאָן, וואו ער איז געבוירן געוואָרן, און אין דער סביבה פון אַנדערע בינע־קינסטלער, צו וועלכע ער האָט זיך גענומען קלעפּן נאָך אַלס קינד.

אינעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ האָט טשאַפּלין זיך אָנגעשלאָסן אין די פּריכטע יאָרן פון זיין לעבן, אין אַן ענגלישער וואַנדערנדיקער טרופּע, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו פאַרוויילן מיט וויצן, שפּאַסן און לידלעך די איינוואוינער פון די קליינע אינדזלען אין דעם ענגלישן קאַנאַל. צוערשט זיינען אָבער די אַרויסטרעטונגען פון דער ענגלישער טרופּע געווען איין דורכפאַל נאָכן צווייטן. די באַזוכער פון די אינדזלען האָבן זיך געלאַנגווייליקט און האָבן



טשאַרלי טשאַפּלין (אינמיטן) אין זיין ערשטן פילם:
(„אַבי מען מאַכט אַ לעבן״, פעברואַר, 1914).

זיך ממש אָפּגעזאָגט צו לאַכן פון די וויצן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די איינוואוינער פון די אינדזלען האָבן גערעדט פראַנצויזיש, אָדער אַן אייגענעם דיאַלעקט פון דער ענגלישער שפּראַך און זיי האָבן פּשוט ניט פאַרשטאַנען די חכמות, מיט וועלכע די פאַרוויילער האָבן זיי געשפּייזט אין אַ לאָנדאָנער ענגליש. די בריטישע טרופּע, מיט טשאַפּלינען בראש, איז אַריבער צו פּאַנטאָמימע און דאָס האָט שוין גאָר שטאַרק אויסגענומען.

ווען טשאַפּלין איז צו זיבעצן יאָר געוואָרן אַ מיטגליד פון דער באַרימטער ענגלישער פאַרוויילונגס־טרופּע פון פרעד קאַרנאָ, איז ער שוין געווען אַ מומחה אין „ריידן״ פון דער בינע אויף דער שטומער פּאַנטאָמימע־שפּראַך.

מיט יאָרן שפּעטער, נאָך זיינע ערשטע דערפּאָלגן אין פילמס אין אַמעריקע,

האָט טשאַפּלין אונטערשטראָכן: „מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז פּאַנטאָמימע איז די עלטסטע פאָרם פון קונסט אויף דער וועלט. נאָך אין אָנהויב פון דער ציוויליזאַציע האָבן מענטשן זיך פאַרשטאַנען מיט דער הילף פון צייכנס אַ סך פריער איידער זיי האָבן באַנוצט קלאַנגען פאַרן צוועק איבערצוגעבן געדאַנקען און געפילן".

דאָס גרויזאַמע לעבן אין דער אָרעמקייט פון לאָנדאָן האָט איבערגעלאָזט אַ שווערן שטעמפּל אויף דעם זיבעצן־יאָריקן פּאַנטאָמימע־פאַרוויילער. דער דירעקטאָר קאַרנאָ האָט זיך אַמאָל דערמאָנט:

„סיד (טשאַרליס שטיף־ברודער) האָט איינמאָל מיטגעבראַכט זיין אינגערן ברודער. ער (טשאַרלי) האָט אויסגעקוקט בלייך, אויסגעצערט. אין קורצן, ער איז געווען אַ פאַרכמורעט יינגל. איך מוז צוגעבן, אַז ווען איך האָב אים דערזען צום ערשטן מאָל בין איך געקומען צום אויספיר, אַז ער קוקט־אויס צו־שרעקעוודיק צו זיין אַ דערפאָלג אין טעאַטער, באַזונדערס אין די זייער רירעוודיקע קאָמעדיעס, וואָס זיינען געווען מיין ספּעציאַליטעט. טשאַרלי איז ניט געווען צו־שטאַרק באַליבט. איך געדענק, אַז ס׳פלעגן אַריבערגיין גאַנצע וואָכן, אין וועלכע ער פלעגט ניט אויסריידן קיין וואָרט צו קיינעם ניט פון דער טרופּע."

קאַרנאָ פאַרענדיקט זיינע זכרונות וועגן יונגן טשאַרלין: „בכלל איז טשאַרלי שטענדיק געווען אין אַ מרה־שחורהדיקער שטימונג און זייער אומ־פריינטלעך. ער האָט געפירט אַ לעבן פון אַ נזיר. ער האָט זיך געשראָקן פאַרן ביטערן טראָפּן און האָט געשפּאָרט אין באַנק דעם גרעסטן טייל פון זיינע שכירות".

איינזאַם אין זיין צימער אין אַ ביליקן האָטעל אין לאָנדאָן, פלעגט אָבער דער זיבעצן־יאָריקער טשאַרלי פאַרברענגען אין לייענען ערנסטע ווערק איבער פילאָזאָפיע, עקאָנאָמיע, געשיכטע און נאַטור־וויסנשאַפט. אַ באַ־זונדערן אינטערעס האָט טשאַרלי דאַן אַרויסגעוויזן צו די ווערק פון סידני און ביטריס וועב, דזשאָרדזש בערנאַרד שאָ און ה. דזש. וועלס, — „מילדע סאָציאַליסטן", וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער פּאָפּולערער צו יענער צייט באַוועגונג „די פעיביען סאָסאַיעטי".

אַזוי אַרום האָט טשאַרלי טשאַפּלין שוין צו זיבעצן יאָר, אַלס אָנפאַנגער אין דער קאַרנאָ־טרופּע, אָנגעהויבן צו אינטערעסירן זיך מיט דעם „פאַרוואָס" און „פאַרוואָן" פון טאָג־טעגלעכן לעבן.

ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד, האָט זיין מוטער האַנאַ, געהאָלפן אים צו אַנטוויקלען דעם אינטערעס צום טאָג־טעגלעכן לעבן אין דעם באַגער צו באַאָבאַכטן סיי די כלומרשט־מינדערוויכטיקע געשעענישן אין לעבן און סיי דעם העלד פון דידאַזיקע געשעענישן, דעם מענטשן. טשאַפּלין האָט בסדר אונטערגעשטראָכן: „זייער אָפט בין איך בספק, צי איך וואָלט געווען אַ דערפאָלג אין פּאַנטאָמימע, ווען איך וואָלט ניט געהאַט די הילף פון מיין מוטער".

האַנאַ טשאַפּלין איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1922. זי איז גע־שטאָרבן אין קאַליפאָרניע אין 1929, ווען איר זון און תלמיד, טשאַרלי, איז שוין געווען אָנערקענט איבער דער וועלט אַלס דער מייסטער פון פילם־קונסט.

צווישן די 1,197,892 נייע אַמעריקאַנער, וועלכע האָבן אין 1913 גע־לאַנדעט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, האָט זיך אויך געפֿונען דער 24־יאָרי־קער טשאַרלי טשאַפּלין. ער איז אָנגעקומען אויף אַ קורצן באַזוך, אַלס שוי־שפּילער פֿון דער קאַרנאָ־טרופּע.

טשאַפּלין האָט צוזאַמען מיט זיינע טשעמאָדאַנעס אויך מיטגעבראַכט אַ רייכן אוצר: טיף־איינגעקריצטע זכרונות פֿון קעניגנטאָן און לאַמבעט — די געגנטן פֿון אָרעמקייט אין לאָנדאָן, וואו ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן, און אַ טאַלאַנט צו „ריידן" אויף דער סאַמע פּאָפּולערסטער, פֿאַר־שטענדלעכסטער און פֿאַרשפּרייטסטער שפּראַך — פּאַנטאָמימע. טשאַפּלין האָט מיטגעבראַכט אויך אַ באַאָבאַכטונגס־קראַפֿט און אַ באַגער און דראַנג צו זען און פֿאַרשטיין דאָס לעבן.

אין 1914 איז טשאַפּלין אָנגעקומען אין האָליוואוד, וואו מען האָט זיך פֿאַרנומען מיט פֿאַרקריפּלען דאָס לעבן, מיט מאָלן אים דורך פֿאַלשע בילדער, מיט אַרויסהעלפֿן דורך שעדלעכער פּראָפּאַגאַנדע די כוחות, וואָס פֿירן צום אומ־קום פֿון לעבן, אין פֿאַרמיאוסן דאָס לעבן. אַזעלכע פֿילמס פֿון יענעם פּעריאָד, ווי „קאָהענס שריפֿה־פֿאַרקויף" און „בוירט אָוו עי נעישאָן" האָבן אויס־געדריקט אויפֿן לייוונט פֿאַראַכטונג צום יידן, צום נעגער, צום פֿרעמד־גע־בוירענעם. אַזעלכע פֿילמס ווי „דער אַנאַרכיסט", „דער סטרייק", „קאַפּיטאַל און אַרבעט" האָבן אָפֿן געהעצט קעגן דעם פֿאַרגעשריטענעם אַמעריקאַנער, קעגן דעם קלאַסן־באַוואוסטזיניקן אַרבעטער, קעגן דער אַמעריקאַנער אַרבע־טער־באַוועגונג בכלל. דערצו זיינען די ברייטסטע מאַסן געשפּייזט געוואָרן אויך מיט סעקס־פֿילמס.

טשאַפּלין האָט געבראַכט קיין האָליוואוד זיין ריזיקן טאַלאַנט און זיין פּאַנטאָמימע־שפּראַך. ער האָט געבראַכט אַן אוצר פֿון פֿאַקטן וועגן לעבן. ער האָט אויך געבראַכט זיינע צווייפֿלען אין דעם „סטאַטוס קוואָ" פֿון דער געזעל־שאַפֿט און אַ נעגאַטיווע באַציאונג צו געוויסע דערשיינונגען און אינסטיטו־ציעס פֿון אָט־דער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג.

האָליוואוד האָט אַנטדעקט טשאַפּלינען, בעת ער האָט זיך געפֿונען אין אַמעריקע אויף אַ טור מיט דער קאַרנאָ־טרופּע. זיין ערשטן קאָנטראַקט מיט אַ פֿילם־פֿירמע אין אַמעריקע האָט טשאַפּלין אונטערגעשריבן דעם 28טן נאָוועמבער, 1913. לויטן קאָנטראַקט האָט טשאַפּלין באַקומען פֿון דער „קי־סטאָון־קאָמפּאַני" 150 דאָלער אַ וואָך. ער האָט אין 1914 פּראָדוצירט פֿאַר דער קאָמפּאַני 35 קורצע פֿילם־קאָמעדיעס. אין אַ יאָר אַרום, אין 1915, האָט טשאַפּלין שוין באַקומען פֿון דער „עסענעי קאָמפּאַני" 1,250 דאָלאַר אַ וואָך, קריגנדיק אַ מעגלעכקייט אַליין צוצוגרייטן זיינע פֿילמס. עטוואָס שפּעטער, אין 1916, האָט טשאַפּלין אונטערגעשריבן אַ נייעם קאָנטראַקט. דאָס מאָל האָט די „מיוטשועל קאָמפּאַני" זיך פֿאַרפּליכטעט צו צאָלן אים צען טויזנט דאָלאַר אַ וואָך, און אויך געבן אים אַ באָנוס פֿון 150 טויזנט דאָלאַר.

אין 1917 האָט טשאַפּלין אונטערגעשריבן אַ סענסאַציאָנעלן קאָנטראַקט מיט דער „פֿוירסט נעשאָנאַל קאָמפּאַני", לויט וועלכן ער האָט זיך אונטער־

געגומען צו שאַפן אַכט פילמס פאַר דער סומע פון אַ מיליאָן דאָלאַר. נאָכדעם ווי דער קאָנטראַקט איז אויסגעגאַנגען, האָט טשאַפּלין געשאַפן פילמס זעלבס־שטענדיק אין זיין אייגענער סטודיאָ אין האָליוואוד. זיינע פילמס פלעגן פאַר־שפּרייט ווערן דורך דער „יונאַיטעד אַרטיסטס״, אין וועלכער טשאַפּלין איז געוועזן אַ שותף. מיט ווייניק אויסנאַמען האָט יעדער טשאַפּלין־פילם אַריינ־געבראַכט מיליאָנען דאָלאַר אין פּראָפיטן.

אָבער ניט־געקוקט אויף דעם דאָזיקן דערפאָלג, האָט טשאַפּלין ניט אויפגעגעבן אויף קיין איין רגע זיין באַגער „באַרייכערט צו ווערן פון לעבן״ און ער האָט פאָרגעזעצט זיין שטודיום פון דער טאָג־טעגלעכערווירקלעכקייט אין יעדער סביבה און פון דעם העלד אין יעדער סביבה, דעם מענטשן. נאָך אַלס קינד אויף די אָרעמע גאַסן פון לאָנדאָן, און שפּעטער־צו אַלס דערפאָלג־רייכער פילם־קינסטלער אין דער רייכער האָליוואוד, האָט טשאַפּלין כסדר געלערנט אין דעם „אוניווערזיטעט פון לעבן״. אין אָט־דעם אוניווערזיטעט האָט טשאַפּלין זיך באַקענט מיט די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס פון אַ גע־זעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס טיילט־איין די מענטשהייט אויף הונגעריקע און איבערגעפרעסענע, אויף עקספּלואַטירטע און פּוסט־און־פּאַסניקעס, אויף באַהערשער און באַהערשטע.

טשאַפּלין אַליין דערציילט וועגן זיין מעטאָד פון אויסקלייבן טעמעס און העלדן פון טאָג־טעגלעכן לעבן:

„איך בין שטענדיק באַרייכערט געוואָרן פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן... איינמאָל האָב איך אָנגעהויבן שפּאַצירן אַרויף־און־אַראָפּ אויף די באַוועגלעכע טרעפּ אין אַ גרויסן געשעפט. איך האָב באַלד אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ פילם וועגן דעם. דער סוף איז געווען, אַז די דאָזיקע סצענע איז געוואָרן די באַזע פון מיין פילם „פלאָר־וואָקער״ (דער אויפפּאַסער אין אַ גרויסן געשעפט). ווען כ׳בין איינמאָל געווען אויף אַ פּויסטן־פאַר־מעסט, איז צו מיר געקומען דער געדאַנק פונעם פילם „טשעמפּיאָן״, אין וועלכן אַ קליין־מענטשעלע האָט באַזיגט דעם ריז...״

טשאַפּלין פאַרענדיקט אילוסטרירן זיין געדאַנק מיט נאָך איין עפּיזאָד: „אין אַן אַנדער פילם „אַ הינטיש לעבן״ („דאָגס לאַיף״) האָב איך באַנוצט אַלס באַזע די אַרבעטס־בירזשע״.

אַן אויפריכטיקער קריטיקער פון יענע צייטן (1918) האָט, אגב, ניט בלויז געלויבט דעם פילם „אַ הינטיש לעבן״ אַלס „דאָס ערשטע פולשטענדיקע קונסט־ווערק אין פילמס״, נאָר אויך אונטערשטראָכן, אַז אין זיין „אַ הינטיש לעבן״ האָט טשאַפּלין אַרויסגעבראַכט אויפן לייוונט „אַ גרינטלעכע פילאָ־זאָפיע און אַ סאָציאַלע סאַטירע״.

מיט יאָרן שפּעטער האָט אַן אַנדער באַוואוסטער קריטיקער אָנגעוויזן: „אינעם פילם („אַ הינטיש לעבן״) איז דאָ ווייניקער קאַריקאַטור און מער רעאַליזם. דער פּאַטאָס ווערט אונטערשטראָכן מער ווי ווען־עס־איז אין די באַמיאונגען פון טשאַרליס העלד צו פירן אַ פריי און אומאָפּהענגיק לעבן״.

טשאַפּלין האָט אָבער ניט בלויז געשעפּט זיין וויסן, אינספּיראַציע און אידייען פון לעבן, נאָר ער האָט אויך דורך זיינע פילם־שאַפונגען אַליין באַ־

דייכערט דאָס לעבן און אָפּגעצאָלט דער געזעלשאַפט כפל־כפלים פאַר דער לערע. ער האָט דאָס דערגרייכט דורכדעם, וואָס די ווירקזאַמסטע און מעכ־טיקסטע אינסטיטוציעס פון אַט־דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג — די מאַכט פון די רייכע, די מאַכט פון איינזייטיקן געזעץ, די מאַכט פון דער אָרגאַניזירטער קירך, די מאַכט פון דער צבועקישער מאָראַל און די מאָראַל פון די וואָפן־מאַגנאַטן און מלחמה־פּראָפיטירער — זיינען געוואָרן די ציל־ברעטער פון זיינע וויכטיקסטע פילם־שאַפונגען.

4.

פאַרטיידיקער פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג און פונעם „סטאַטוס קוואָ” האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו טשאַפּלינען ממש אין דעם זעלבן מאָמענט,



אַרבעט מאַכט זיס דאָס לעבן — יענעמס... („אַרבעט”, יוני, 1915).

ווען אויפן לייוונט האָט זיך באַוויזן זיין העלד — אַ קליין און אויסגעצערט מענטשעלע, אויסגעפּוצט אין לאַנגע און צעריסענע פּלודערן, מיט אַן ענגן רעקל אויפן אויסגעמאָגערטן גוף, אָנגעטאָן אין צעריסענע שיך אויף די פיס, אַן אָפּגעבליאַקעוועט קאַפּעליושל אויפן גרויסן קאָפּ, קליינע וואָנצעלעך אויפן אומעטיקן פּנים און אַ כשוף־שטעקעלע אין זיינע רירעוודיקע הענט.

זייערע באַמיאונגען צו „פּאַרניכטן” טשאַפּלינען דעם קינסטלער און זיין העלד זיינען געקומען צום אויסדרוק, צווישן אַנדערן, אויך אין צוויי ממש קלאַסישע פּאָראַויסזאָגונגען, וואָס זיינען דערשינען אין צוויי באַזונדערע טיילן פון דער וועלט: אין אַמעריקע און אין אייראָפּע.

אין אַמעריקע האָט דער ניו־יאָרקער „טעאַטער מאַגאַזין” געשטעלט אין 1919 די פאָלגנדיקע פראַגע: „וועפט זיך אויס די באַליבטקייט צו טשאַפּ־

לינען״? די רעדאַקטאָרן פון דעם „טעאַטער מאַגאַזין״ האָבן אויפן אָרט
געגעבן אַן ענטפער אויף זייער פראַגע דורך דער „נביאות״, אַז „אין פינף
יאָר אַרום (1924) וועט טשאַפּלינס פּאָפּולאַריטעט זיין אַ זאַך פון דעם לאַנג־
פאַרגעסענעם אַלטערטום״. דידאָזיקע פעסימיסטישע „נבואה״ איז אונטער־
געשפאַרט געוואָרן מיט דער דערקלערונג, אַז „דער פאַרהאַרטעוועטער
טשאַפּלין־ליבהאָבער קאָן ניט לייקענען דעם פאַקט, אַז דער לייט־מאָטיוו
פון דעם דאָזיקן לייכטזיניקן קאָמיקער איז זייער ניט־אינטעלעקטועל און ער
באַווירקט די נידעריקסטע אינסטינקטן פון מענטשן״.

אין אייראָפּע האָט אַ קריטיקער מיטן נאָמען זשין איוועל דערקלערט
אין 1916, אַז „טשאַפּלינס קונסט, אויב מיר האָבן דאָס רעכט צו באַנוצן דעם
אויסדרוק, ניט באַשמוצנדיק דאָס וואָרט „קונסט״, איז מער מאַלפּיש איידער
מענטשלעך. טשאַפּלין איז ניט קיין קאָמיקער. ער איז אַ ביליקע, שפּרינגענ־
דיקע פאַרזעעניש״.

ווען פון די פאָראויסזאָגונגען פון די נביאי־השקר האָט זיך אויסגעלאָזט
אַ בוידעם, האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט אָפיציעלע און אומאָפיציעלע
מאָראַל־פרעדיקער. מיט דער הילף פון דער פרעסע און געזעץ האָבן זיי זיך
גענומען מישן אין פריוואַטן לעבן פון דעם קינסטלער. זייער אוממאָראַלישע
און אומעטישע פּראַקטיק האָבן די דאָזיקע שומרים פון מאָראַל און געזעץ
פאַרגעזעצט ביז דעם מאָמענט, ווען טשאַפּלין און זיין משפחה זיינען גע־
צוואונגען געווען צו באַזעצן זיך אויף שטענדיק אין אייראָפּע.

אין 1924 האָט טשאַפּלין געהייראַט די יונגע שוישפּילערין ליטאַ גרעי,
נאָכדעם ווי ער האָט זיך צעשיידט פון זיין ערשטער פרוי מילדרעד העריס.
צוויי זין זיינען געבוירן געוואָרן: טשאַרלס ספּענסער דזשוניאָר און סידני
אוירל. קיין שלום־בית האָט אָבער ניט געהערשט אין טשאַפּלינס היים. ליטאַ
האָט אינגיכן פאַרלאָזט טשאַפּלינען און האָט אָנגעהויבן מאָנען פון אים ריזיקע
סומען געלט. זי האָט אויך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן דורך דער פרעסע די
ווילדסטע געשיכטעס וועגן טשאַפּלינען. איבערן לאַנד האָט די פרעסע פאַנאַנ־
דערגעבלאָזן אַן אַנטי־טשאַפּלין וואַקכאַנאַליע. אין שפּיץ פון דער העץ־קאַמ־
פּאַניע האָבן דאָס מאָל זיך געשטעלט די „סאָסאַיעטי״־דאַמען. לויט אַ באַריכט
אין דער טעגלעכער ציטונג „ניו־יאָרק סאַן״ פון דעם 11טן פעברואַר, 1927,
האָבן די דאַמען אַרויסגעגעבן אַ קאָמוניקאַט וועגן דעם ענין, וואָס האָט זיך
געלייענט:

„פינף־און־דרייסיק פרויען, וועלכע פאַרטרעטן צוואַנציק קלובן, האָבן
זיך פאַרזאַמלט דאָנערשטיק, פאַריקע נאַכט, און מיר האָבן שוין אָנגעהויבן
זאַמלען אַ פאָנד צו צאָלן מרס. טשאַפּלינס דירה־געלט און הוצאות אויף צו
שפּייזן ווי געהעריק אירע קליינע קינדער״.

דעם געשריי, אַז „טשאַפּלין הונגערט־אויס זיינע צוויי קליינע קינדער
און זיין פרוי״ האָבן באַלד אויפגעכאַפּט צענזאָרן אין פאַרשיידענע טיילן פון
לאַנד, וועלכע האָבן אַרויפגעלייגט אַ פאַרבאָט אויף אַזעלכע פילמס, ווי „פּיל־
גרים״ („עולה־רגל״), „אַ פרוי פון פּאַריז״, „שאַלדער אַרמס״ („ביקס אויף
פּלייצע״) און „דאָס קינד״, וואָס דערציילט די געשיכטע פון „דער פרוי,
וועמענס איינציקער חטא איז באַשטאַנען אין מוטערשאַפט״.

ה. ל. מענקען, דער קאָנסערוואַטיווער אַמעריקאַנער פובליציסט און געוועזענער רעדאַקטאָר פון דער איינפלוסרייכער טעגלעכער צייטונג „באַלטימאָר איוונינג סאָן", איז אין משך פון דער העץ־וואַקכאַנאַליע פון 1927 אַרויסגעקומען אין זיין צייטונג מיט אַ כלומרשטער פאַרטיידיקונג פון טשאַפּלינען. מענקען האָט דאַן פאַרעפנטלעכט אין זיין צייטונג אַ דערקלערונג, וואָס האָט זיך טיילווייז געלייענט:

„דיזעלבע טפשים, וועלכע האָבן פאַרגעטערט טשאַפּלינען מיט זעקס וואָכן צוריק, זיינען איצט גרייט צו טאַנצן אַרום די פלאַמען פון דעם קרבן, בעת ער ווערט געברענט. ער (דער קרבן — טשאַפּלין) קריגט איצט אַ לעקציע וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם המון"...

מענקען האָט געזוכט צו שיסן צוויי האָזן מיט איין קויל דורך זיין כלומרשטער פאַרטיידיקונג פון טשאַפּלינען. מענקען האָט אָפן געהאַט דערקלערט, אַז טשאַפּלינס קונסט איז אים ניט צום האַרצן. מענקען האָט אויך ניט געהאַט קיין צו־געהויבענע מיינונג וועגן די פּאָלקס־מאַסן בכלל און ספּעציעל וועגן די פאָלקס־מאַסן, וואָס האָבן „פאַרגעטערט" טשאַפּלינען און זיין העלד. ביי דער געלעגנהייט האָט ער זיי באַצייכנט אַלס „טפשים" און „המון". אָבער סיי מענקען און סיי די אַנדערע פון זיין מין האָבן ניט באַנומען און ניט אָפּגעשאַצט די נאַטירלעכע און אומצעשיידבאַרע פאַרבינדונגען צווישן דעם פילם־קינסטלער פאַרן פאָלק און דעם פאָלק גופא. דער פאַקט איז, אַז צו די פאָלקס־מאַסן האָבן די כסדרדיקע אַנטי־טשאַפּלין וואַקכאַנאַליעס זיך ניט צוגעקלעפּט. פון יעדער וואַקכאַנאַליע איז טשאַפּלין אַרויס דער זיגער, געשטאַרקט אין גלויבן, אַז ער דריקט־אויס אין זיינע פילמס די טרוימען, סענטימענטן, וואונטשן, געפילן און פאַרלאַנגען פון דער איבערוועגנדיקער מערהייט פונעם פאָלק.

די חטאים־זוכער האָבן נאָך אויך גענוצט דעם „רויטן הערינג" מיטן צוועק „אָפּצואווישן" טשאַפּלינען דעם קינסטלער און זיינע שאַפונגען. ביי יעדער געלעגנהייט, ווען טשאַפּלין פלעגט זיך באַווייזן פאַר דער עפנטלעכקייט —בעת זיינע באַזוכן אין אייראָפּע אין 1921 און 1931, אָדער בעת זיינע אויפטרעטונגען אויף מאַסן־מיטינגען אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה פאַר אַ שנעלן זיג איבער דעם היטלעריזם דורך עפענען דעם צווייטן פראָנט — איז ער כסדר פאַרוואָרפן געוואָרן מיט פראַגן פון דעם מין:

„מר. טשאַפּלין, זייט איר אַ באָלשעוויק?"

„מר. טשאַפּלין, וואָס טראַכט איר וועגן לענינען?"

„מר. טשאַפּלין, פאַרוואָס פאָרט איר קיין אייראָפּע?"

אויך טשאַפּלינס ענטפער אויף דעם מין פראַגן איז געווען איין־און־דערזעלבער:

„ניין, איך בין ניט קיין באָלשעוויק. איך בין אַ קינסטלער. איך בין פאַראינטערעסירט אין לעבן. באָלשעוויזם איז אַ נייע פאַזע פון לעבן. איך דאַרף דעריבער זיין פאַראינטערעסירט אין דעם. איך גלויב, אַז לענין איז אַן אויסערגעוויינלעכער מענטש, ווייל ער דריקט־אויס אַ נייע אידייע". („מיין רייזע אין אויסלאַנד", פאַרלאַג „האַרפּער בראָדערס", ניו־יאָרק־לאָנדאָן, 1922).

נאָך אין אָנהויב פון זיין פילם־קאַריערע האָט שוין טשאַפּלין אַרויסגע־וויזן זיין ווידער־געפיל צו יענע, וועלכע פּוצן זיך כסדר אין די פעדערן פון „הונדערט־פּראָצענטיקן" פּאַטריאָטיזם. בעת טשאַפּלין האָט זיך געפונען אויף דער שיף, וואָס האָט אים געפירט צו זיין ערשטן באַזוך אין אייראָפּע, האָט אַ צייטונגסמאַן פאַרלאַנגט פון אים צו פּאָזירן פאַר אַ פאָטאָגראַפיש בילד, וואָרפנדיק אַ קוש צו דער „פרייהייט־סטאַטוע" אין דעם ניו־יאָרקער האָפן. טשאַפּלין דערציילט:

„דער דאָזיקער אינצידענט האָט מיך דערשיטערט. איך פיל, אַז ער (דער צייטונגסמאַן) האָט געזוכט צו עקספּלואַטירן די סטאַטוע. זיין פאַר־לאַנג איז ניט אויפריכטיק. דער פאַרלאַנג האָט מיך באַליידיקט. פּאַטריאָ־טיזם איז אַ צו־טיפער געפיל צו שילדערן אים דורך פּאָזירן פאַר אַ פאָטאָ־גראַפיע. איך פיל זיך גליקלעך דערמיט, וואָס איך האָב געהאַט דעם מוט צוריקצואוויזן דעם פאַרלאַנג".

מיט יאָרן שפּעטער, אין דעם פינצטערן פּעריאָד פון די מעקאַרטי־איב־קוויזיציעס אין לאַנד, האָבן אָפיציעלע רעגירונגס־אָרגאַנען אין וואַשינגטאָן פאַרלאַנגט פון טשאַפּלינען צו באַשטעטיקן זיין פּאַטריאָטיזם און זיין רעכט צוריקצוקומען קיין אַמעריקע דורך מסרן אויף זיך און אויף זיינע פריינט און מיטאַרבעטער.

וואָס רייפער טשאַפּלינס פילם־שאַפונגען זיינען געוואָרן; וואָס אויס־געשפּראָכענער טשאַפּלין און זיין העלד זיינען געוואָרן; וואָס פּאָפּולערער טשאַפּלין אַליין איז געוואָרן, אַלץ אַ שאַרפערן כאַראַקטער האָבן אָנגענומען די אַרויסטרעטונגען קעגן אים. אַנטי־טשאַפּלין קאַמפּאַניעס האָבן ענדלעך אָנגעהויבן אָנצונעמען דעם כאַראַקטער פון גוט־פּלאַנירטע, גוט־צוגעגרייטע און גוט־אָרגאַניזירטע אַרויסטרעטונגען. אין דער קאַמפּאַניע האָבן זיך באַטייליקט אפילו די וויכטיקסטע אָרגאַנען פון דער מלוכה, די איינפלוסרייכסטע און ווירקזאַמסטע קערפּערשאַפטן פון דער געזעלשאַפט.

די קרייזן האָבן געזוכט אין 1936 צו פאַרשרייען דעם פילם „מאָדערנע צייטן" אַלס „רויטע פּראָפּאַגאַנדע". טשאַפּלין האָט באַצייכנט דעם פילם „מאָדערנע צייטן" אַלס „די געשיכטע פון אינדוסטריע, פון פּריוואַטער אונטער־נעמונג — די מענטשהייט פירט אַ קרייץ־צוג פאַר גליק".

אַ סענאַט־קאָמיסיע האָט אין 1941 „איינגעלאַדן" טשאַפּלינען צו אַ פאַר־הער אין וואַשינגטאָן וועגן דער „מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע" אין זיין אַנטי־פאַשיס־טישן פילם „דער גרויסער דיקטאַטאָר". טשאַפּלין האָט כאַראַקטעריזירט דעם פילם „דער גרויסער דיקטאַטאָר" אַלס „די געשיכטע פון אַ פּעריאָד צווישן צוויי וועלט־מלחמות — אַ צווישן־צייט, אין וועלכער אומזין האָט געקראָגן די אויבערהאַנט, פרייהייט האָט געליטן מפּלות און מענטשלעכקייט איז גע־בריקעט געוואָרן".

אין 1947 איז דערשינען אויפן לייוונט טשאַפּלינס פילם „מעסיע ווערדו". וועגן דעם פילם האָט טשאַפּלין דערקלערט:

„דער פילם פאַרמאָגט מאָראַלישע ווערטן. איך דענק, אַז פאָן קלאַוזעוויץ

האָט אַמאָל געזאָגט, אַז מלחמה איז די לאָגישע אויסברייטערונג פון דיפּלאָ־מאַטיע; מעסיע ווערדו פּילט, אַז מאָרד איז די לאָגישע אויסברייטערונג פון געשעפטן. ער דאַרף אויסדריקן די געפילן פון די צייטן, אין וועלכע מיר לעבן. דורך קאַטאַסטראָפע קומען־אַרויס אַזעלכע מענטשן ווי ער איז. ער פּערזאָניפיצירט די פּסיכאָלאָגישע קראַנקהייט פון דעפּרעסיע״...

דזשאַן אי. רענקין, דער אַנטיסעמיטישער קאָנגרעסמאַן פון מיסיסיפּי, האָט דעם 12טן יוני, 1947, געפאָדערט פון דער קאָנגרעס־טריבונע אין וואַ־



טשאַרלי צווישן די אימיגראַנטן פון דריטן קלאַס אויף דער שיף („דער אימיגראַנט״, 1917).

שינגטאָן צו דעפּאָרטירן טשאַפּלינען, און אונטערן דרוק און סטראַשונקעס פון די „קאַטוילישע מלחמה־וועטעראַנען״ האָבן פּיל טעאַטער־אייגנטימער איבערן לאַנד, צווישן זיי די לאָועס־אינקאָרפּאָרעיטעד, זיך אָפּגעזאָגט צו ווייזן דעם פילם „מעסיע ווערדו״.

אַן ענלעכע אַנטי־טשאַפּלין היסטעריע איז אויפגעבלאָזן געוואָרן אין [illegible] 1952, ווען ס׳האָט זיך באַוויזן טשאַפּלינס נייסטער פילם „לאַימלאַיט״

(„בינע־ליכט״). דער פילם האָט באַזונגען די שיינקייט פון לעבן און דעם לעבן גופא אין דעם טראַגישן פּעריאָד, ווען עס זיינען געהערט געוואָרן אָפענע רייד וועגן פּלענער צו פאַרניכטן די וועלט, דאָס לעבן, דורך דער אַטאָם־באָמבע.

אין אָט דער צייט פון הויך־פּונקט פון דער „קאַלטער מלחמה״ און מעקאַרטיזם אין אַמעריקע איז אויך דערגרייכט געוואָרן דער הויך־פּונקט אין די אַנטי־טשאַפּלינישע פאַרפאָלגונגען. דעם 19טן סעפּטעמבער 1952, האָט דער יוסטיץ־מיניסטער (אַטוירני דזשענעראַל) דזשעימס פּ. מעקגרעגערי געמאָלדן אין וואַשינגטאָן, אַז ער האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג צו די העכסטע אימיגראַציע־באַאַמטע צו אונטערזוכן, צי טשאַרלי טשאַפּלין, דער ענגליש־געבוירענער און לאַנג־יאָריקער תושב פון אַמעריקע, זאָל צוריק אַריינגעלאָזט ווערן אין לאַנד.

טשאַפּלין, זיין אַמעריקאַנער־געבוירענע פרוי, אונאַ, און זייערע פיר אַמעריקאַנער־געבוירענע קינדער, האָבן זיך געפונען אויף דער שיף „קווין עליזאַבעט״, ווען דער באַפעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין וואַשינגטאָן. טשאַפּלין און זיין משפחה זיינען געפאָרן קיין אייראָפּע אויף אַ קורצן באַזוך. פאַרן פאַרלאָזן דאָס לאַנד האָט טשאַפּלין געהאַט געקראָגן פון דער רעגירונג אין וואַשינגטאָן אַ דערלויבעניש אומצוקערן זיך קיין אַמעריקע נאָך עטלעכע חדשים אין אויסלאַנד.

.5

מיט טיפע ספקות אין האַרצן וועגן דעם סאַמע פונדאַמענט פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג און מיט אַ ברענענדיקן באַגער צו דערגרונטעווען זיך בנוגע דעם „פאַרוואָס״ און „פאַרווען״ פונעם לעבן, האָט טשאַפּלין אין 1931 געמאַכט זיין צווייטע רייזע איבער אייראָפּע. טשאַפּלינס רייזע אין יענעם יאָר איז זיך צונויפגעפאַלן מיטן שווערן עקאָנאָמישן קריזיס אין אַמעריקע און אייראָפּע, מיט די פיבערהאַפטע צוגרייטונגען צו ברענגען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד דעם נאַציזם און מיט רייד און פּלענער צו „ראַטעווען די מערב־ציוויליזאַציע״ דורך מלחמה.

אין יעדן טייל פון דער וועלט, וואָס טשאַפּלין האָט באַזוכט אויף זיין צווייטער רייזע, איז דער פילם־קינסטלער אויפגענומען געוואָרן און באַגריסט געוואָרן דורך מיליאָנען און מיליאָנען מענטשן מיט ליבשאַפט־אויסגעשרייען „העלאָ טשאַרלי״ און „וויוו לע שאַרלאָט״ (זאָל לעבן טשאַרלי).

די אָנערקענונג פון די פאָלקס־מאַסן פאַר זייער קינסטלער און קינסטלערישן וואָרט־זאָגער איז געקומען צום אויסדרוק נאָך אין 1921, ווען טשאַפּלין האָט אָפּגעשטאַט אַ באַזוך אין אַ צאָל לענדער פון אייראָפּע. טשאַפּלין האָט דאַן, אין 1921, מיטגעבראַכט קיין אייראָפּע זיין פילם „דאָס קינד״. דער לייט־מאָטיוו פונעם פילם איז געווען: „די איינציקע זינד פון דער פרוי איז איר מוטערשאַפט״. אינעם פילם האָט טשאַפּלין, צווישן אַנדערן, אויך אָנגעגרירט די אוממאָראַלישע און אכזריותדיקע „מאָראַל״ פון דער אָרגאַניזירטער קירך און איר גוטהייסונג פאַר דער הערשאַפט פונעם דאָלאַר איבער דעם לעבן פון מאַן, פרוי און קינד.

ניט־געקוקט אויף דער שאַרפער קריטיק מצד די פיינשמעקער איז „דאָס קינד" געווען אַ ריזיקער דערפאָלג אין אַמעריקע און אייראָפּע. דער פילם „דאָס קינד" איז געווען אַן אָנזאָג, אַז טשאַפּלין פאַרנעמט זיך אויף אַ ברייטן שליאַך.

די אָפענע אויגן פונעם קינסטלער האָבן געזען די טיפע וואונד, וואָס די ערשטע וועלט־מלחמה האָט איבערגעלאָזט אין אייראָפּע: פאַרשאַרפטע אָרעמקייט; פאַרוויסטונג; פיזישע און גייסטיקע פאַרקריפּלונג פון מלחמה־קרבנות; האָפענונגסלאָזיקייט; טרויער און פאַרביטערונג אין די הערצער פון „מוטערס, פאָטערס, וועלכע זיינען פריצייטיק אַלט געוואָרן צוליב דער מלחמה, צוליב דעם פאַרלוסט פון זייערע ליבסטע".

אין לאָנדאָן פאַרצייכנט טשאַפּלין:

„דער וועסטמינסטער ראָו זעט אויס איצט (1921) נאָך מער פאַרלאָזט... אונטערן בריק... דאָרט שטייט נאָך אַלץ דער אַלטער, בלינדער מאַן. דאָרטן איז ער, דיזעלבע פיגור, דערזעלבער בלינדער מאַן, וואָס איך פלעג זען אַלס קינד פון פינף יאָר, מיט דיזעלבע שמאַטעס איבער די אויערן, מיטן רוקן צו דער וואַנט, און דיזעלבע מוטנע וואַסער, וואָס רינט־אַראָפּ פון דעם שטיין איבער זיין רוקן. דיזעלבע אַלטע קליידער, עטוואָס גרויער צוליב זייער אַלטקייט. דיזעלבע צעפּלאַטערטע באָרד. ער איז באַדעקט מיט מער גרוי־קייט. דער מאַן, וואָס האָט דעם שטייפן קוק אין זיינע אויגן, וואָס פלעגט מיך קראַנק מאַכן, ווען איך בין געווען אַ קינד. אַלץ ווי געווען — נאָר מער צעקאָרטשעט. דער אַלטער מאַן לייענט ווייטער מיט כוונה דעמזעלבן קאַפּיטל פון דער אַלטער און פאַרשימלטער ביבל. זיינע ליפּן באַוועגן זיך קוים־קוים, בעת זיינע פינגער שאַרן זיך שטילערהייט איבער די בולטע אותיות. איך שטעל זיך די פראַגע: פילט ער זיך באַקוועם? נויטיקט ער זיך בכלל אין באַקוועמלעכקייט? פאַר מיר זעט דאָס אויס שרעקלעך".

טשאַפּלין פאַרענדיקט זיין פאַרצייכענונג:

„ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ בילד פון אָרעמקייט, וואָס איז געזונקען צו דער שטופע פון אינערציע, וועלכע קומט צוליב דעם פאַרלוסט פון האָפענונג".

אין זיינע באַמיאונגען צו לערנען פונעם לעבן, אין זיינע פאַרזוכן צו דערגיין דעם „פאַרוואָס" און „פאַרווען" פון לעבן, באַגעגנט זיך טשאַפּלין אין לאָנדאָן מיט אַ צאָל דענקער און שרייבער, צווישן זיי אויך מיטן שריפט־שטעלער ה. דזש. וועלס. וועלס דערציילט טשאַפּלינען וועגן זיין באַזוך אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואו ער האָט געהאַט אַ לענגערן שמועס מיט לענינען. בכלל גענומען, דערציילט וועלס, האָט לענין געמאַכט אויף אים אַ סימפּאַטישן איינדרוק. וועלס האָט אָבער אויך אויסגעדריקט די מיינונג, אַז לענין איז אַ גרויסער טרוימער און ניט קיין פּראַקטישער מענטש. וועלס האָט אין זיין געשפּרעך מיט טשאַפּלינען אויך אויסגעדריקט זיין האָפענונג און גלויבן, אַז מיט דער צייט וועט לענין אויפגעבן זיינע טרוימען וועגן אַ נייער גע־זעלשאַפט, וועגן בויען סאָציאַליזם אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, און ער וועט צוריק איינפירן אַ „פרייען רעזשים".

וואָס שייך סאָציאַליזם בכלל, האָט וועלס געזוכט צו איבערצייגן טשאַפּ־

לינען, אַז „די באַדינגונגען וועלן פון זיך אַליין אויסגעבעסערט ווערן... בילדונג איז די איינציקע רעטונג פאַר דער גאַרער וועלט... דער ריכטיקער מין סאָציאַליזם וועט פאַרווירקלעכט ווערן דורך געהעריקער בילדונג...״

אין פּאַריז און בערלין שטויסט זיך אָן טשאַפּלין אויף די גאַסן אין פאַר־קריפּלטע און פאַרביטערטע מלחמה־אינוואַלידן, וועלכע האַלטן אויסגע־שטרעקט זייערע הענט, בעטנדיק אַ נדבה.

אין דער לוסטיקער פּאַריז באַמערקט טשאַפּלין:

„אַן אַלטע פרוי שלאָפט אויף די טרעפּ פון אַ קירך. זי זעט אָבער ניט אויס פאַרמאַטערט און פאַרצערט. מען קאָן אפילו זען אַ שמייכל אויף איר פּנים ווען זי שלאָפט. זי שטעלט מיט זיך פאָר פאַר מיר פּאַריז. זי באַהאַלט איר אָרעמקייט הינטער איר שמייכל״.

טשאַפּלין מאַכט אַ סך־הכל פון זיין באַזוך אין פּאַריז:

„איך פיל, אַז עפּעס איז געשען מיט דער שטאָט, עפּעס, וואָס זיי זוכן צו פאַרדעקן מיט לוסטיקע טענץ, געזאַנג און געלעכטער״.

די שטאָט־טאַטעס פון דער אויסגעהונגערטער בערלין זאָגן־אָפּ טשאַפּלינס פאַרלאַנג צו דערלויבן אים באַזוכן די געגנטן פון דער אָרעמשאַפט, פון דער אַרבעטערשאַפט, אונטערן אויסרייד, אַז אין בערלין זיינען ניטאָ קיין „סלאַמס״. טשאַפּלין באַמערקט אָבער אויף די ווענט פון שטאָט די ערשטע נאַצי־סוואַס־טיקעס. דער קינסטלער פאַרצייכנט: „אַ גרויס פאָלק, וואָס ווערט פאַרדאָרבן דורך געציילטע יחידים אין די אינטערעסן פון געציילטע״.

ביים לאַנדן אין ניו־יאָרק, נאָך זיין ערשטער רייזע איבער איראָפּע, האָט טשאַפּלין אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין דער סינג־סינג טורמע, ביי אסינינג, ניו־יאָרק. ער האָט באַמערקט, אַז די „צעלן, וואו די מענער שלאָפן, זיינען געבויט דורך אַ מאָנסטער אָדער דורך אַ מאַניאַק... ניט פאַר מענטשן. זיי זיינען געבויט דורך שנאה, אומוויסנהייט און טפּשות... מיר קאָנען דאָך אָמווינציקסטנס באַהאַנדלען זיי (די אַרעסטאַנטן) מיט אינטעליגענץ. פאַר־ברעכן איז דאָך, סוף־כל־סוף, אַ רעזולטאַט פון דער געזעלשאַפט״.

טשאַפּלין האָט באַזוכט די סינג־סינג טורמע צו באַקענען זיך מיטן אַמעריקאַנער אַרבעטער־קעמפער דזשעימס לאַרקין, וועלכער איז געווען אונטער אַרעסט דעפּאָרטירט צו ווערן אין זיין געבורטס־לאַנד, אירלאַנד. טשאַפּלין דריקט־אויס זיין פאַרוואונדערונג נאָך דער באַגעגעניש אין צעל: „ער (לאַרקין) איז דאָך ניט קיין פאַרברעכער. ער איז דאָך אַ פּאָליטישער אַרעסטאַנט״.

טשאַפּלינס געדריקטע שטימונג ענדערט זיך אין באַן, אויפן וועג צווישן ניו־יאָרק און לאָס־אַנדזשעלעס, ווען ער דערזעט אַ ציילטונג מיט אַ גרויסן „קאָפּ״, וואָס דערציילט וועגן אַן אַנטוואָפּענונגס־קאָנפערענץ אין וואַשינגטאָן. אַ האָפענונגספולער געדאַנק קריצט זיך איין אין מוח און האַרץ פונעם קינסטלער:

„איז דאָס אַ נבואה? מיינט דאָס, אַז מלחמה וועט מער ניט שפּרייזן איבער דער וועלט? ס'אַ וואונדערלעכער געדאַנק! וועלן די, וועלכע קומען קיין וואַשינגטאָן, פאַרוואַנדלען דאָס אין מער ווי אַ געדאַנק?״

דער דערמוטיקנדיקער געדאַנק וועגן דער מעגלעכקייט פון אַנטוואָפענונג און שלום אינספּירירט טשאַפּלינען צו דער אַנטשלאָסנקייט:

„אויב איך קאָן ברענגען פרייד צו די אויסגעמאַטערטע אויגן אין קעניגטאַן און וואַיטשאַפּעל; אויב איך האָב איינגעזאַפּט און פאַרשטאַנען די אייגנשאַפטן און פּראָבלעמען פון די פּשוטע מענטשן, וואָס איך האָב באַגעגנט, און אויב איך האָב צונויפגעזאַמלט אפילו עטוואָס פון דער אינספּיראַציע פון די גרעסערע גייסטער, וואָס זיינען געווען העלפלעך צו מיר — דאַן איז דאָס געווען אַ וואונדערלעכע רייזע און דעריבער אפשר בין איך אַזוי נייגעריק אומצוקערן זיך צו דער אַרבעט און באַצאָלן דעם פולן פּרייז פון מיין רייזע".

נאָך דעם פילם „דאָס קינד" זיינען געקומען טשאַפּלינס מייסטערווערק: „דער קלאַס פון לײדיקגייער"; „אין טאָג פון שכירות"; „עולה־רגל"; „אַ פרוי פון פּאַריז"; „דער געיעג נאָך גאָלד" און „צירק".

אָנהויב 1931 האָט זיך באַוויזן אויפן לייוונט טשאַפּלינס „ליכט פון שטאָט".

## 6.

„די סמעטענע פון דער געזעלשאַפט" אין האָליוואוד האָט זיך פאַרזאַמלט דעם 31טן מערץ, 1931, אין איינעם פון די שענסטע טעאַטערס אין שטאָט פון ליכט און שאָטן צו דער פייערלעכער פּרעמיערע פון טשאַפּלינס „ליכט פון שטאָט". צווישן די פאַרזאַמלטע האָבן זיך אויך געפונען פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין און זיין פרוי. זיי זיינען דאַן געווען אויף אַ באַזוך אין אַמעריקע. נאָכדעם ווי פּראָפעסאָר איינשטיין און זיין פרוי האָבן יענעם אָוונט פאַרבראַכט ביי אָוונטברויט אין טשאַפּלינס היים, זיינען זיי אַלע אַוועק צו דער פּרעמיערע.

דער פילם „ליכט פון שטאָט" — אַ קאָמעדיע־ראָמאַנס אין פּאַנטאָמימע — עפנט זיך מיט דעם פאָלגנדיקן לייט־מאָטיוו:

די שענסטע באַלעבאַטים פון אַ שטעטל אין אַמעריקע און די חשובסטע דאַמען פון דער „סאָסאַיעטי" האָבן זיך פאַרזאַמלט צו פייערן די אַנטהילונג פון אַ מאָנומענט פאַר „שלום און פּראָספּעריטי". דער מאָנומענט איז צוגעדעקט מיט אַ ליילעך, בעת די „פּני" פון שטעטל האַלטן זייערע פייערדיקע דרשות, באַזינגענדיק אויף די העכסטע טענער דעם וועלט־שלום, וואָס הערשט אומעטום, און דעם וואוילזיין פונעם פאָלק אין לאַנד.

ענדלעך קומט דער פייערלעכער מאָמענט, ווען דער מאָנומענט „פאַר שלום און פּראָספּעריטי" ווערט אַנטהילט. דער מאָנומענט באַשטייט פון דריי ריזיקע פיגורן, אויסגעהאַקט פון מאַרמאָר. איין פיגור איז פון אַ זיצנדיקער פרוי. די אַנדערע צוויי פיגורן זיינען פון צוויי געזונטע מענער. איינער פון די מענער האַלט אַ שווערד אין האַנט. ווען דער ליילעך ווערט אַראָפּגעצויגן פון דעם מאָנומענט, ברעכט־אויס אַ פּאַניק צווישן דעם פאַרזאַמלטן עולם. די פאַרזאַמלטע דערזעען אַ קליין, אויסגעצערט און הימלאָז מענטשעלע אויפן שויס פון דער פרוי. ער דרעמלט. דאָס קליינע מענטשעלע כאַפּט זיך אויף פון שלאָף און מאַכט אַ ניט־געלונגענעם פאַרזוך אָפּצוטראָגן זיך פון מאָנומענט „פאַר שלום און פּראָספּעריטי", איידער דאָס געזעץ נעמט זיך צו אים.

אין זיין אומגעלומפּערטקייט פאַרטשעפּעט זיך דאָס מענטשעלע אין שווערד פון איין סטאַטוע און בלייבט הענגען אין דער לופטן.

דער אָרקעסטער אינעם פילם הויבט־אָן שפּילן פּאַטריאָטישע מוזיק. דאָס קליינע מענטשעלע גליטשט זיך ווייטער אויף דער שווערד און בלייבט צנדלעך אין אַ פאַרגליווערטער פּאָזע, ווען די פינף פינגער פון האַנט פון איין זטאַטוע פון אַ מאַן פאַרהאַקט זיך אין זיין נאָז...

טשאַפּלין דערציילט וועגן דער פּרעמיערע אין האָליוואָוד:

„איך בין געזעסן צווישן פּראָפעסאָר איינשטיין און זיין פרוי בעת דער פאָרשטעלונג. פון צייט צו צייט פלעג איך כאַפּן אַ בליק אויפן פּראָפעסאָר. זי פשוט דער מענטש איז! איך בין פאַרוואונדערט, וואָס אַ מענטש מיט ויין מוח קאָן הנאה־האָבן פון אַ פילם מיטן ענטוזיאַזם פון אַ קינד. ער פלעגט לאַכן און אויסרופן: „אַך, דאָס איזט וואונדערבאַר! דאָס איזט שעהן!” („אַ קאָמיקער זעט די וועלט”, פון טשאַרלי טשאַפּלין, ניו־יאָרק, 1933).

אַ טיפע פריינטשאַפט האָט זיך יענעם אָוונט פאַרקניפּט צווישן טשאַפּ־לינען, דעם געניאַלן פילם־קינסטלער פון פשוטן מענטשן, מיט אַלבערט איינשטיינען, דעם פשוטן מענטשן פון גאונות. די דאָזיקע פריינטשאַפט האָט געפירט צו אַ צווייטער באַגעגעניש, אין אייראָפּע, וואוהין טשאַפּלין האָט דעם זעלבן יאָר, 1931, געבראַכט זיין פילם „ליכט פון שטאָט”.

טשאַפּלין איז געקומען אויף זיין צווייטער רייזע קיין אייראָפּע פון אַן אַמעריקע, וואו אַ רעגירונג פון דעם רייכסטן לאַנד אין דער וועלט האָט געזוכט צו לייזן דעם שווערן קריזיס דורך אַן עצה צו די צענדליקער מיליאָנען פאַרהונגערטע אַרבעטסלאָזע צו „פאַרקויפן עפּל” אויף די גאַסן פון די שטעט, און דער מעיאָר פון דער גרעסטער שטאָט אין דער וועלט, ניו־יאָרק, האָט געגעבן אַן עצה צו דיזעלבע אויסגעהונגערטע אַרבעטס־לאָזע צו „עסן לעקעך, אויב זיי האָבן ניט קיין ברויט”.

טשאַפּלין איז אָנגעקומען אין אייראָפּע מיט אַ ברענענדיקן באַגער צו געפינען אַן ענטפער ביי די, וועלכע האָבן געדאַרפט האָבן אַזאַ ענטפער, אויף דעם אומזין ביי זיך אין לאַנד, אין אַמעריקע, דאָס לאַנד פון אומבאַ־גרענעצטן רייכטום.

אויף אַן אויפנאַמע ביי לעידי אַסטאָר אין לאָנדאָן האָט טשאַפּלין אָנ־געהויבן ערנסט צו רעדן מיט די געסט וועגן דער שעדלעכקייט פון עקס־פּלואַטאַציע פון מענטש דורך מענטש. צווישן די געסט האָט זיך אויך גע־פונען ווינסטאָן טשוירטשיל. די געסט האָבן אָבער אַרויסגעוויזן ווייניק אינטערעס אין טשאַפּלינס מיינונגען. די גאַנצע אויפנאַמע איז דאַן פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַן איינפאַכער טרינק־און טאַנץ־הוליאַנקע.

אויף אַ פּריוואַטער באַגעגעניש מיטן געוועזענעם פּרעמיער פון ענגלאַנד, לאָיד דזשאָרדזש, האָט טשאַפּלין אָנגעהויבן רעדן מיטן שטאַטסמאַן וועגן דער נויטווענדיקייט איבערצובויען די אָרעמע געגנטן פון לאָנדאָן און צו באַזײַצן די איינוואוינער אין פּאַסיקע היימען. דער געשפּרעך האָט זיך אָבער פלו־צים איבערגעריסן, ווען טשאַפּלין האָט באַמערקט, אַז לאָיד דזשאָרדזש

געניצט געשמאַק בעת ער, טשאַפּלין, רעדט מיט אַזוי פיל ענטוזיאַזם וועגן אַ דאַך איבערן קאָפּ פאַר די היימלאָזע פון ענגלאַנד.

מיט אַ ציטער אין האַרצן איז טשאַפּלין געקומען אין דער היים פונעם



אין געיעג נאָך גאָלד ווערט דער מענטש פאַרוואַנדלט אין אַ חיה („דער געיעג נאָך גאָלד", 1925).

פּרעמיער פון דער לעיבאָר רעגירונג, ראַמזי מעקדאָנאַלד, אויף וועמענס שריפטן איבער סאָציאַליזם טשאַפּלין האָט זיך דערצויגן אין זיינע יונגע יאָרן. מעקדאָנאַלד איז געווען העפלעך געגוג אויסצוהערן טיילווייז זיין גאַסט. אַליין אָבער האָט מעקדאָנאַלד געשוויגן. דער פּרעמיער פון דער ענגלישער לעיבאָר־רעגירונג האָט זיך ניט געלאָזט אַריינציען אין אַ וויכוח איבער פּאָליטישע אָדער עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, וואָס טשאַפּלין האָט אויפגעהויבן.

צווישן די געסט אויף דער פייערלעכער פּרעמיערע (אין לאָנדאָן) פון „ליכט פון שטאָט" איז אויך אָנוועזנד געווען דזשאָרדזש בערנאַרד שאָ. דער גרויסער ענגלישער דראַמאַטורג און פּאָרגעשריטענער דענקער האָט, ווי פּראָפעסאָר איינשטיין אין האָליוואוד, מיט גרויס אינטערעס נאָכגעפאָלגט דעם פילם און געלויבט טשאַפּלינען פאַר זיין קינסטלערישן אויפטו. דער־ביי האָט שאָ, אויף זיין שטייגער, אויך אַריינגעזאָגט טשאַפּלינען. „אַלע פאָרמען פון קונסט", האָט שאָ אונטערגעשטראָכן נאָך דער פאָרשטעלונג, „מוזן פאַרמאָגן אַ מעסעדזש, און דער מעסעדזש מוז זיין פון אַ קאָנסטרוק־טיוון כאַראַקטער".

אַן אויסגעמאַטערטער פון די פּאַראַדנע אויפנאַמעס אין פאַרשיידענע טיילן פון אייראָפּע, איז טשאַפּלין ממש אַנטלאָפן קיין בערלין אָפּצושטאַטן אַ וויזיט ביי זיין גוטן פריינט איינשטיין.

טשאַפּלין האָט באַוואונדערט דאָס איינפאַכע לעבן פון די איינשטיינס אין בערלין. איידער דער פּראָפעסאָר האָט זיך באַוויזן אין צימער, האָט טשאַפּלין פאַרפירט אַ קורצן שמועס מיט איינשטיינס פרוי.

„מיין ליבער מאַן פוילט זיך אונטער פון צייט צו צייט", האָט מרס. איינשטיין זיך באַקלאָגט פאַרן גאַסט, און איר פּנים האָט געשטראַלט פון פרייד און גוטסקייט. זי האָט פאָרגעזעצט: „ווען ער איז ניט פאַרנומען מיט זיין אַרבעט, הרגעט ער אַוועק צייט מיט זיינע שיפלעך אָדער ביי דער פּיאַנאָ. ווען ער דאַרף אָבער אַנטוויקלען אַ געדאַנק, פאַרשפּאַרט ער זיך אין זיין שטודיר־צימער און בלייבט דאָרטן אין משך פון טעג איינער אַליין".

דער אינטימער געשפּרעך האָט זיך איבערגעריסן, ווען איינשטיין האָט זיך באַוויזן אין צימער. גוטמוטיק האָט איינשטיין גערעדט מיט חוזק וועגן דעם אָנבאָט, וואָס מ׳האָט אים געמאַכט, צו העלפן אָפּשאַפן אין אַמעריקע פּראָהיבישאָן. דעם אָנבאָט האָט אים צוגעשיקט אַן אַמעריקאַנער צייטונג, אָנווייזנדיק אַז אויב ער, איינשטיין, האָט דורך זיין טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט געקאָנט אָפּשאַפן וויכטיקע אַלטע איינשטעלונגען אין דער וועלט פון וויסנשאַפט, וועט ער זיכער קאָנען באַפרייען אַמעריקע אויך פון פּראָהיבישאָן.

באַלד אָבער זיינען די צוויי גוטע פריינט, איינשטיין און טשאַפּלין, אַריבער צו זייער אַן ערנסטן שמועס איבער אַזעלכע פּראַקטישע און ערדישע ענינים, ווי דער עקאָנאָמישער קריזיס אויף דער וועלט, די געפאַר פון נאַציזם פאַר דייטשלאַנד און פאַר דער וועלט, די פּראָבלעם פון אַרבעטס־לאָזיקייט, די פראַגע פון שלום און מלחמה.

„מיר לעבן אין געפערלעכע צייטן פון דעפּרעסיע און אַרבעטסלאָזי־קייט״, — האָט איינשטיין דערמוטיקט טשאַפּלינען צו טראַכטן און רעדן.

טשאַפּלין האָט זיך געפילט גליקלעך, וואָס איינשטיין איז וויליק אויס־צוהערן אים, דערמוטיקט אים אפילו אַרויסצוזאָגן זיך און איז גרייט צו נעמען אים ערנסט. טשאַפּלין, אין דער אָנוועזנהייט פון איינשטיינען און אינספּירירט דורך דעם וויסנשאַפט־גאון, האָט אָנגעהויבן טראַכטן בקול רם:

„די צרה איז, וואָס די מאָדערנע טעכניק האָט פאַרקלענערט די נויט־ווענדיקייט אין מענטש־קראַפט. דעריבער טאַקע איז אונדזער פּראָבלעם אַ גאַנץ שווערע, אַ שווערע דערפאַר, וואָס די איינציקע מעגלעכקייט פונעם מענטשן צו קויפן דאָס, וואָס מאַשינען פּראָדוצירן, איז דאָס געלט, וואָס קומט פון אַרבעט ביי די דאָזיקע מאַשינען״.

איינשטיין האָט אויפגעכאַפּט טשאַפּלינס גרונט־געדאַנק און באַלד אים איבערגעזעצט אין די פּשוטסטע ווערטער:

„ס'איז נויטיק אַ ראַדיקאַלע ענדערונג, וואָס זאָל באַשיצן דעם מענטשן פון הונגער״.

טשאַפּלין, וועלכער האָט אין זיין געדאַנקען־גאַנג זיך פאַרנומען אין משך פון יאָרן און יאָרן מיט דער פראַגע וועגן דער נויטווענדיקייט פון „ראַדיקאַלע ענדערונגען״, האָט איצט אָנגעהויבן ממש באַקלאָגן זיך פאַר איינשטיינען:

„די געשעפטס־וועלט האָט באַגריסט די פאַרבייטונג פון מענטשן־קראַפט אויף מאַשינען, אַן ענדערונג, וואָס האָט דורך ביליקע פּרייזן אויף סחורות פאַרוואַנדלט די פּראָדוקטן, וועלכע זיינען מיט אַ צייט צוריק באַטראַכט געוואָרן ווי אַ לוקסוס, — אין דערגרייכבאַרע פאַר יעדן מענטשן מיט אַ קליינער הכנסה. די געשעפטס־וועלט איז אָבער איצט פאַרעקשנט קעגן אַ פונדאַמענטאַלער ענדערונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט״.

די צוויי גאונים פונעם דור, איינשטיין און טשאַפּלין, האָבן מסכים גע־ווען, אַז אַן ענדערונג איז נויטיק, מוז קומען.

„און ווי וואָלט איר אויסגעהיילט אָט־די חולאת?״ — האָט פּראָפעסאָר איינשטיין ערנסט געפרעגט זיין גוטן פריינט פון האָליוואוד.

„דורך דריי זאַכן״, האָט טשאַפּלין אָפּגעענטפערט מיט דער אַנט־שלאָסנקייט פון אַ מענטשן, וואָס האָט פאַר יאָרן און יאָרן געטראַכט וועגן דעם ענין: „דורך פאַרקלענערן די אַרבעטס־שטונדן פון די באַשעפטיקטע; דורך פאַרשפּרייטן מער געלט (העכערע שכירות) און דורך קאָנטראָל איי־בער קאַפּיטאַל״.

דאָס זיינען באמת געווען רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען פאַר אַן אַמערי־קאַנער, ספּעציעל פאַר אַ קינסטלער פון האָליוואוד, וועלכער האָט אַ גרוי־סע צאָל פון זיינע יאָרן אָפּגעלעבט אין אַ וועלט פון „פאַרהאַרטעוועטן אַמעריקאַניזם״ (ראָגעד אַמעריקאַניזם). ווי אַן עכטער קינסטלער האָט טשאַפּלין שוין דאַן אויפגעכאַפּט די נייע און פרישע ווינטן, וואָס הויבן־אָן צו בלאָזן אין זיין פאַרגליווערטער אַמעריקע. ווי אַן עכטער קינסטלער

פאַר די פּאָלקס־מאַסן האָט טשאַפּלין שוין אין 1931 דערהערט די טריט פון אָנקומענדיקע רוזוועלט־צייטן פון „ניו דיל". אין זיין געשפּרעך מיט פּראָפעסאָר איינשטיין האָט טשאַפּלין פאָרמולירט אַ פּלאַן ווי צו באַגעגענען מיט אָפענע אָרעמס די „נייע צייטן", די „מאָדערנע צייטן".

פּראָפעסאָר איינשטיין האָט געדולדיק אויסגעהערט טשאַפּלינס פּראָ־גראַם און האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר זיין גוטן פריינט:

„איך בין ניט קיין בי.נעס־מאַטעמאַטיקער. איך גלויב אָבער, אַז יעדער לעבעדיקער מענטש איז באַרעכטיקט צו זיין באַקליידט ווי געהעריק, צו זיין באַשפּייזט ווי געהעריק און צו האָבן אַ געהעריקן דאַך איבערן קאָפּ. ס'איז דאָ גענוג פאַר אַלעמען".

ביים אָנקומען פון זיין צווייטער רייזע איבער אייראָפּע האָט טשאַפּלין זיך אַ נעם געטאָן צום פילם „די מאַסן", וואָס איז אין 1936 געוויזן געוואָרן אויפן לייוונט אונטערן נאָמען „מאָדערנע צייטן" — „די געשיכטע פון אינ־דוסטריע, פון פּריוואַטער אונטערנעמונג — די מענטשהייט פירט אַ קרייץ־צוג פאַר גליק".



פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין און טשאַרלי טשאַפּלין אין האָלי־וואוד אין יאָר 1931 ביי דער פּרעמיערע פון „ליכט פון שטאָט".

קאַפּיטל ב

# טשאַפּלין ביי דער אַרבעט

1. טשאַפּלין — דער יוניאָן־מיטגליד
2. טשאַפּלינס שאַפונגס־פּראָצעס
3. אַ טאָג אין טשאַפּלינס סטודיאָ
4. טשאַפּלין — דער אומאָפּהענגיקער קינסטלער

# טשאַפּלין ביי דער אַרבעט

.1

טשאַרלי טשאַפּלין האָט אין מאַי, 1956, געקראָגן אַ היפּשן „אויסרייד" פון קאָלעגן אין דער פילם־וועלט פון לאָנדאָן, וועלכע האָבן, אַגב, אויסגענוצט אָט־די געלעגנהייט אויסצודריקן זייער אומבאַגרענעצטע פאַרערונג פאַר זיין טאַלאַנט, ענערגיע, שעפערישקייט און פאַכמענישקייט.

אין האַרבסט, 1952, האָט טשאַפּלין, ווי באַקאַנט, זיך אָפּגעזאָגט אונטער־צוגעבן זיך די באַליידיקנדיקע פאָדערונגען פון די אָפיציעלע און אומאָפי־ציעלע אינקוויזיטאָרן אין וואַשינגטאָן צו ווערן אַ מסור קעגן זיך און קעגן זיינע פריינט און מיטאַרבעטער. טשאַפּלין און זיין משפחה האָבן זיך באַזעצט אין שווייצאַריע, און ער האָט געלאָזט וויסן דער וועלט:

„איך בין ניט קיין פּאָליטיקער... איך גלויב אין פרייהייט... איך וויל בלויז שאַפן פילמס... איך וויל שאַפן פילמס, ביז איך וועל פאַלן טויט"...

איינגיכן האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומצוטראָגן קלאַנגען וועגן דעם, אַז טשאַפּלין האָט פאַרטראַכט אַ פילם וועגן אַן אַמעריקאַנער אין די „הויכע פענצ־טער" אין וואַשינגטאָן, וועלכער פאַרנעמט זיך הויפּטזעכלעך מיט פאַר־מיאוסן אַמעריקע אין די אויגן פון דער וועלט. דער הויפּט־העלד פונעם פילם, האָבן די ערשטע קלאַנגען באַריכטעט, איז איינער מיטן נאָמען מעקאַרטי.

שפּעטערדיקע באַריכטן האָבן איבערגעגעבן, אַז טשאַפּלין האָט צוגעגרייט אַ סצענאַריאָ פאַר אַ פילם, וואָס האָט אויסגעברייטערט און פאַרטיפט זיין הויפּט־געדאַנק פון דער טעמע וועגן מכשפה־יעגער.

אַרום פיר יאָר נאָכדעם, ווי טשאַפּלין האָט זיך באַזעצט אין אייראָפּע, איז ער אָנגעקומען (אין פרילינג, 1956) אין לאָנדאָן מיט זיין פאַרטיקן סצע־נאַריאָ פאַרן פילם. אין אַ סטודיאָ אין לאָנדאָן האָט טשאַפּלין זיך גענומען שאַפן דעם פילם „אַ קעניג אין ניו־יאָרק".

אין אָט־דער לאָנדאָנער פילם־סטודיאָ האָט זיך אָפּגעשפּילט דער פריינט־לעכער אינצידענט, ווען טשאַפּלין האָט געקראָגן דעם „אויסרייד".

טשאַפּלין האָט מיטגעבראַכט קיין לאָנדאָן ניט בלויז די סצענאַריאָ פאַרן פילם. ער האָט, לויט זיין שטייגער, אויך געבראַכט זיין אייגענע מוזיק פאַרן פילם, זיינע פּלענער פאַר באַלעט־נומערן, זיינע אייגענע צייכענונגען פאַר

דעקאָראַציעס און מלבושים פון די שוישפּילער אין דעם פילם, און זיינע געדאַנקען און אידייען ווי אַזוי צו פאָטאָגראַפירן און צונויפשטעלן (רעדאַקטירן) דעם גאַנצן פילם.

טשאַפּלינס מעטאָד פון צוגרייטן אַליין און אין פאָראויס די הויפּט־עלעמענטן פון פילם — רעזשי, שוישפּיל, מוזיק, באַלעט, דעקאָראַציעס, קאָסטיומען, פאָטאָגראַפיע און רעדאַקציע — האָט צוערשט אַרויסגערופן אַ גאַטירלעכע פאַרוואונדערונג אין דער וועלט פון פילם־קונסט אין לאָנדאָן. צוזאַמען מיט דער פאַרוואונדערונג איז אָבער אויך געקומען אַ דילעמע: וואָס צו טאָן מיטן 67־יאָריקן „וואונדער־קינד" און פילם־גאון, טשאַרלי טשאַפּלין?

לויט דער קאָנסטיטוציע פון דער „אַסאָסיאיישאָן אָוו סינעמאַטאָגראַף ענד עלאַיד טעקנישנס" — די אַלגעמיינע טרעיד־יוניאָן פון פילם־אַרבעטער אין ענגלאַנד — האָט טשאַפּלין, דער ניט־יוניאָן מאַן, קיין רעכט ניט צו מישן זיך אין זייערע פּראָפעסיאָנעלע אָנגעלעגנהייטן.

די יוניאָן האָט טאַקע געגעבן טשאַפּלינען אַן „אויסרייד" פאַר דעם איבערפלוס פון זיינע פילם־טעטיקייטן, און דערביי אויך באַשלאָסן צו דערוויילן טשאַפּלינען אַלס לעבנס־מיטגליד פון דער קערפּערשאַפט. ביי אַ ספּעציעלער פייערונג אין לאָנדאָן האָט די יוניאָן פון פילם־אַרבעטער אין ענגלאַנד אונטערגעטראָגן טשאַפּלינען זיין מיטגלידס־קאַרטל מיט אַן אויפשריפט:

„צו דעם גרעסטן פילם־שוישפּילער און טעכניקער אין דער וועלט, טשאַרלס ספּענסער טשאַפּלין, אין אויסדרוק פון אונדזער גרויסער פאַרערונג און רעספּעקט פאַר זיין קונסט און פאַר זיין אומגעהויערן פאַרדינסט, דורך זיין ביישטייער אין פּראָדוצירן פילמס אין די לעצטע פערציק יאָר".

גערירט פון דער אָנערקענונג מצד די יוניאָן־לייט אין ענגלאַנד, האָט טשאַפּלין אָפּגעענטפערט:

„איך בין ניט פון יענע מיוחסים, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט זוכן כבוד. איך שאַץ אָבער טיף די האַרציקייט און די פריינטשאַפט, וואָס איר האָט מיר צוגעטיילט".

טשאַפּלין האָט אויך פאַרזיכערט די אַנוועזנדע, אַז ער וועט זיין אַ געטרייער יוניאָן־מיטגליד.

„אויב מיר זאָלן איצט דערהערן אַ סטרייק", האָט טשאַפּלין פאַרגעזעצט, „וועל איך זיין דער געווינער פון יעדן שטאַנדפּונקט — אַלס שוישפּילער, אַלס פּראָדוצירער, אַלס טעכניקער"...

טשאַפּלינס באַוואוסטזיניקע אַנטשלאָסנקייט צו נוצן זיין גאַנצן טאַלאַנט פאַר דער פילם־קונסט איז געקומען צום אויסדרוק אויך ביי אַנדערע געלעגנהייטן. אין אַ האַרץ־צו־האַרץ געשמועס מיטן שוישפּילער ראָבערט לואיס, וועלכער האָט אויך אָנטייל גענומען אין טשאַפּלינס פילם „מעסיע ווערדו", האָט טשאַפּלין דערציילט:

„מיין זיידע איז געווען אַ שוסטער. ווען מיין זיידע פלעגט אַריינפאַלן אין אַ מרה־שחורה, פלעגט ער זיך אַוועקזעצן ביים שוסטער־טיש און אָנהייבן אַרבעטן אויף אַ פּאָר שיך. ער פלעגט דאַן זיצן און אַרבעטן טאָג־און־

נאַכט, אויב בויטיק. ווען די פּאָר שיך איז פּאַרטיק געוואָרן, פלעגט מיין זיידע שטאָלצירן מיט זיין אויפטו. זיין פּנים פלעגט שטראַלן פון פרייד, ווי ער וואָלט געזאָגט: „דאָס איז מיין אויסאַרבעטונג. איך האָב געשאַפן — דעם גאַנצן שוך. קיינער קאָן מיך ניט באַרויבן פון מיין שאַפונג. איך פיל זיך גליקלעך"...

טשאַפּלין האָט ווידערהאָלט דעם זעלבן געדאַנק אין אַ געשפּרעך מיט ר. זאלאמעאַ, סעקרעטאַר פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט אין 1954 צוגעטיילט טשאַפּלינען די שלום־פּרעמיע אין נאָמען פון דער אַלוועלטלעכער שלום־באַוועגונג. טשאַפּלין האָט דאַן דערקלערט:

„צו מאַכן אַ פילם מיינט צו שאַפן אַליין אַ גאַנצע וועלט, אין וועלכער מיינע געדאַנקען זאָלן זיך אויסדריקן אויף אַ לאָגישן אופן. יעדע איינצל־הייט און יעדעס וואָרט, יעדע מוזיקאַלישע נאָטע, מוז „קלאַפּן צוזאַמען", כדי צו שאַפן די אַטמאָספער, די וועלט, אין וועלכער מיינע אידייען זאָלן זיך אויסדריקן פשוט און לאָגיש".

.2

טשאַפּלינס אַרבעט אַרום אַ נייעם פילם הייבט זיך אָן מיט דער אַנט־וויקלונג פון אַ הויפּט־געדאַנק, אַ לייט־מאָטיוו. דער דאָזיקער הויפּט־געדאַנק, געניויער, די צענטראַלע אידייע, ווערט דורך דעם קינסטלער אַנטוויקלט, פאַרטיפט, אויסגעשפּרייט, ביז זי קריגט הויט־און־ביינער, ביז זי ווערט איבער־געזעצט אין אַ קאָנקרעטער פאָרם — אין אַ סצענאַריאָ.

דער פּראָצעס געדויערט אָפט יאָרן ביי טשאַפּלינען.

טשאַפּלין קאָן אינספּירירט ווערן דורך אַ צופעליקן אינצידענט, ווי, למשל, זיין באַזוך אויף דער אַרבעטס־בירזשע, וואָס האָט געפירט צום ערשט־קלאַסיקן פילם „אַ הינטיש לעבן".

אין געוויסע פאַלן אַנטוויקלט טשאַפּלין זיין הויפּט־געדאַנק מיט דער הילף פון אַנדערע, צו וועמען ער האָט, פאַרשטייט זיך, צוטרוי. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט טשאַפּלין געהאַט אַ לאַנגן ישוב־הדעת מיטן באַרימטן אַמע־ריקאַנער פילם־פּראָדוצירער, שוישפּילער און רעזשיסער אָרסאָן וועלס, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם פילם „מעסיע ווערדו". גאַנצע פיר יאָר האָט גענומען טשאַפּלינען צוצוגרייטן די סצענאַריאָ, הגם „מעסיע ווערדו", דעם פילם גופא, האָט טשאַפּלין פּראָדוצירט אין צוועלף וואָכן.

מיט אַ שנעלן טעמפּאָ האָט טשאַפּלין צוגעגרייט די סצענאַריאָ פאַרן פילם „דער גרויסער דיקטאַטאָר". אין משך פון די ערשטע דריי חדשים פון 1939 איז די סצענאַריאָ פון „דער גרויסער דיקטאַטאָר" געוואָרן פאַרטיק. דער געדאַנק גופא צו שאַפן אַ פילם וועגן נאַציזם איז ביי טשאַפּלינען אָבער רייף געוואָרן מיט פיל יאָרן פריער. אין אָט־די יאָרן האָט טשאַפּלין זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו שאַפן אַ פילם בלויז וועגן איין אַספּעקט פון נאַציזם — וועגן גירושים פון יידן פון דייטשלאַנד. דער דאָזיקער געדאַנק איז שפּעטער פאַרווירקלעכט געוואָרן דורך אַ פילם, „דער גרויסער

דיקטאַטאָר״, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע פּאָזן פון נאַציזם און פּאַשיזם, אַריינגערעכנט די פאַרפאָלגונגען אויף יידן.

דאָס פּראָדוצירן דעם פּילם ״דער גרויסער דיקטאַטאָר״ האָט געדויערט 127 טעג — פונעם 9טן סעפטעמבער, 1939, ביזן 9טן מערץ, 1940. צוליב די דינאַמישע ענדערונגען אין דער וועלט־לאַגע צו יענער צייט האָט טשאַפּלין אויך געמאַכט געוויסע ענדערונגען אין דעם פּילם. ״דער גרויסער דיקטאַטאָר״ איז פולשטענדיק פּאַרטיק געוואָרן ערשט דעם 15טן אָקטאָבער, 1940, נאָכדעם ווי טשאַפּלין האָט אויסגעגעבן אויפן פּילם אַרום צוויי מיליאָן דאָלאַר.

אַ בילד פון טשאַפּלינען ביי דער אַרבעט קאָן מען באַקומען פון דעם אופן, ווי אַזוי ער האָט פּראָדוצירט דעם פּילם ״ליכט פון שטאָט״.

באַלד נאָכדעם ווי טשאַפּלין האָט פאַרענדיקט דעם פּילם ״דער צירק״ (1928), האָט ער געמאָלדן, אַז ער קלייבט זיך שאַפן אַ נייעם פּילם. דער נאָמען פונעם נייעם פּילם האָט געזאָלט זיין ״נאַפּאָלעאָן״. טשאַפּלינס בילד איז דאַן אַפילו פאַרשפּרייט געוואָרן אין גרים פון נאַפּאָלעאָנען.

פון דעם פּראָיעקט האָט זיך אָבער גאָרנישט אויסגעלאָזט. טשאַפּלין האָט דאַן אויפגעגעבן אַ צווייטן פּראָיעקט: אַ פּילם וועגן יעזוסן. פון די אַלע פּראָיעקטן איז אָבער געקומען צום לעבן דער פּילם ״ליכט פון שטאָט״.

אין מערץ, 1928, האָט זיך טשאַפּלין גענומען פּראָדוצירן אָט־דעם פּילם. פּלוצעם האָט זיך די אַרבעט אַרום דעם פּילם אָפּגעשטעלט. די קלאַנג־פּילמען (״טאָקיס״) זיינען אַריין אין דער מאָדע און האָבן געבראַכט אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין דער פּילם־קונסט. נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת האָט טשאַפּלין באַשלאָסן, אַז ער בלייבט ביים ״שטומען״ פּילם, און די אַרבעט אַרום ״ליכט פון שטאָט״ איז באַנייט געוואָרן.

די הויפּט־ראָלן אין דעם פּילם שפּילן: דער היימלאָזער, וועלכער זוכט ״שלום און שפע״ אין אַ וועלט פון מלחמה־צוגרייטונגען און הונגער, און דאָס אָרעמע בלינדע מיידל. ווי זיין שטייגער איז, האָט טשאַפּלין אויסגעקליבן פאַר דער הויפּט־ראָל פונעם בלינדן מיידל אַן אומבאַקאַנטע שוי־שפּילערין ווירדזשיניאַ טשעריל. ער האָט אויסגעבויט ביי זיין סטודיאָ אין האָליוואוד אַ גאַנצע שטאָט.

נאָכדעם ווי טשאַפּלין האָט געהאַט באַנוצט העכער אַ מיליאָן פוס פּילמען, איז ער געקומען צום שלוס, אַז די שוישפּילערין טשעריל איז ניט צוגעפּאַסט פאַר דער ראָל פונעם בלינדן מיידל, ווייל זי האָט אָנגעהויבן גלויבן צופיל אין איר אייגענעם טאַלאַנט. ווידעראַמאָל האָט זיך די אַרבעט אַרום פּילם אָפּגעשטעלט. טשאַפּלין האָט אָנגעהויבן זוכן אַן אַנדער שוישפּילערין און ער איז גרייט געווען פונדאַסניי פאָטאָגראַפירן אַלע סצענעס. אין דעם פאַל האָט זיך אָבער טשאַפּלינען איינגעגעבן צו איבערצייגן די שוישפּילערין, אַז זי דאַרף אויספאָלגן זיינע אינסטרוקציעס, און דערמיט איז אויסגעמיטן געוואָרן אַן ערנסטער קריזיס.

וויינקער מזל האָט טשאַפּלין געהאַט מיטן דערפאַרענעם שוישפּילער הענרי קלאַיוו, וועלכער האָט געזאָלט שפּילן די ראָל פונעם מיליאָנער אינעם פּילם.

דער אָנגעשיכורטער מיליאָנער האָט (אינעם פּילם), געזאָלט אַריינשפּרינ־

גען אין אַ טייך אין אַ פּאַרזוך צו באַגיין זעלבסטמאָרד. אַלס טייך האָט טשאַפּ־לין באַנוצט אַ וואַסער־באַסיין. טשאַפּלין און זיינע אַרויסהעלפער האָבן אַ גאַנצע נאַכט שווער געהאָרעוועט אַרום דער סצענע מיטן מיליאָנער. אַלע זיינען געווען אויסגעשעפּט און אויסגעמאַטערט. דער שוישפּילער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט אַריינצושפּרינגען אין וואַסער. ער האָט געפּאָדערט, אַז מען זאָל צוערשט אַנוואַרעמען דאָס וואַסער אין באַסיין. טשאַפּלין האָט אים פאַרביטן מיט אַן אַנדער שוישפּילער.

אַרום־און־אַרום האָט טשאַפּלין אויסגעגעבן העכער אַנדערהאַלבן מיליאָן דאָלאַר אויף דעם פילם „ליכט פון שטאָט“, וואָס ס'האָט גענומען גאַנצע צוויי יאָר צו פּראָדוצירן.

דערמיט האָט זיך אָבער ניט פאַרענדיקט דער קריזיס אַרום דעם נייעם פילם, ווייל „ליכט פון שטאָט“ איז געווען אַ „שטומער“ פילם אין אַ צייט



טשאַרלי, דער פּוסטעפּאַסניק, וועלכער ליידט אויף דער חולאת פון ביטערן טראָפּן, קומט זיך היילן אין האָטעל פאַר רייכע („די היילונג“, 1917).

פון קלאַנג־פילמען. טשאַפּלין האָט דאַן באַשלאָסן צו שאַפן אייגענע מוזיק אַלס אַ באַשטאַנד־טייל פונעם פילם. אין משך פון דריי חדשים האָט ער געשאַפן די מוזיק און האָט אויך אַליין דירידזשירט מיטן אָרקעסטער.

דעם זעלבן צוגאַנג האָט טשאַפּלין געהאַט צו יעדן פילם, וואָס ער האָט געשאַפן אין האָליוואוד, זינט ער האָט פּראָקלאַמירט זיין אומאָפּהענגיקייט אויף יעדן געביט פון דער פילם־קונסט.

אין זיינע ערשטע יאָרן אין האָליוואוד איז טשאַפּלין געווען געצוואונ־גען צו אונטערוואַרפן זיך די אָנגענומענע מנהגים פון יענער צייט. די טעכניק פון אַ פילם־קאָמעדיע איז דעמאָלט געווען זייער אַ פּרימיטיווע. די פילם־קאָמעדיע האָט דאַן פּאַקטיש ניט פאַרמאָגט קיין סיפור־המעשה, קיין פּלאַן. דער שוישפּילער־קאָמיקער און זיינע אַרויסהעלפער האָבן געקאָנט נוצן זייער פאַנטאַזיע, און דער פאָטאָגראַפער האָט מיט זיין אַפּאַראַט נאָכגעפאָלגט דעם קאָמיקער. יעדע וואָך פלעגט דאַן דערשיינען אויפן לייוונט אַ נייער פילם מיטן אָנטייל פון טשאַפּלינען.

אָבער אויך אין יענע פּרימיטיווע יאָרן אין האָליוואוד האָט טשאַפּלין אַריינגעבראַכט עטוואָס נייעס, וואָס איז געווען אומבאַקאַנט און פרעמד דער וועלט פון פילמס און וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען ביים ברייטן עולם. דאָס נייע האָט שנעל באַקומען אַ קאָנקרעטע פאָרם דורך טשאַפּלינס פילם־מלבוש.

„דער מלבוש", האָט טשאַפּלין דערקלערט אין אַן אינטערוויו אין 1923, „העלפט מיר אַרויס פאַרצובערענגען מיין באַנעם פון אַ דורכשניטלעכן מענטשן, כמעט פון יעדן איינעם, פון מיר אַליין. דער קאַפעליוש, צו־קליין פאַרן קאָפּ, איז אַ באַמיאונג אויסצוזען וויכטיק, ווירדיק. די וואָנצעלעך דינען ווי אַ צייכן פון פוסטקייט. דאָס ענג־פאַרקנעפּלטע רעקל און דער שטעקן, ווי בכלל זיין (דעם העלדס) אויפפירונג זיינען אַ זשעסט אין דער ריכטונג פון אויפגעבלאָזענער העלדישקייט, פאַרהאַוועטקייט און אָנשטעל. ער (דאָס קליינע מענטשעלע) באַמיט זיך בראַוו אַנטקעגנצושטעלן דער וועלט, מאַכן אַן אָנשטעל. ער איז באַוואוסטזיניק וועגן דעם, אַז ער קאָן זיך אַליין אויס־לאַכן און עטוואָס רחמנות האָבן אויף זיך".

טשאַפּלין האָט אָנגעהויבן זיין פילם־קאַריערע אין אַמעריקע מיט דער קאָמעדיע „אַבי צו מאַכן אַ לעבן" („מעיקינג עי ליווינג", פעברואַר 2, 1914). אַזוי ווי די „קיסטאָון קאָמפּאַני" האָט נאָך דאַן ניט געהאַלטן פונעם מנהג צו לאָזן וויסן אויפן לייוונט די נעמען פון די פילם־שוישפּילער, איז דער נייער „שטערן" אין דער קאָמעדיע באַקאַנט געוואָרן איבערן לאַנד אונטער פאַרשיידענע נעמען, ווי טשאַפּמאַן, טשאַטלין און עדגאַר אינגליש.

אָבער שוין אין זיין צווייטן פילם, „אויטאָמאָביל־פאַרמעסט פון קינדער אין ווענעציע" (פעברואַר 7, 1914), האָט טשאַפּלין פאָרגעבראַכט אויפן לייוונט זיין העלד, דעם דורכשניטלעכן מענטשן, אויסגעפּוצט אין דעם טשאַפּלין־מלבוש, וועלכער האָט אָנגעהויבן אויסצודריקן אויפן לייוונט אַ באַ־שטימטן וועלט־באַנעם — דעם וועלט־באַנעם פון זיין שאַפער.

גאַנצע 45 מינוט האָט גענומען צו שאַפן די פילם־קאָמעדיע „אויטאָמאָ־ביל־פאַרמעסט", אין וועלכער דער נאָמענלאָזער טשאַפּלין איז דערשינען צום ערשטן מאָל אין זיין טשאַפּלין־מלבוש. ערשט אין זיין 12טן פילם, „פאַרכאַפּט אין אַ קאַבאַרעט" (אַפּריל 27, 1914), איז צום ערשטן מאָל דערשינען אויפן לייוונט דער פּאָלער נאָמען פונעם הויפּט־העלד: טשאַרלי טשאַפּלין.

פון אַ פילם־קאָמעדיע יעדע וואָך איז טשאַפּלין מיט דער צייט אַריבער

צו אַן אַרבעטס־פּלאַן פון פופצן פילם־שאַפונגען אין משך פון אַ יאָר. נאָך שפּעטער — 1918־1922 — צו ניין פילם־קאָמעדיעס אין משך פון פינף יאָר. דאַן — צו איין פילם יעדע צוויי יאָר, און לסוף, זינט „ליכט פון שטאָט" אין 1931, צו איין פילם־שאַפונג כמעט יעדע פינף יאָר.

אמת, אַז טשאַפּלין האָט זיך געקאָנט פאַרגינען דעם לוקסוס פון צו־טראָגן דעם עולם בלויז איין פילם יעדע פינף יאָר. טשאַפּלין האָט אָנגעזאַמלט אַ פאַרמעגן פון מיליאָנען דאָלאַר פון זיינע פילם־שאַפונגען. אָבער ניט בלויז אין דעם האָט זיך עס געהאַנדלט. דער עיקר איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס טשאַפּלין האָט גענומען ערנסט די פילם־קונסט, און ער האָט ניט גע־זשאַלעוועט זיין פאַרמעגן, זיין מי און טאַלאַנט, בעת ער האָט זיך אונטער־גענומען צו שאַפן אַ נייעם פילם.

ווען אַ נייער פילם ווערט צוגעגרייט, באַווייזט זיך געוויינלעך טשאַפּלין יעדן טאָג אין זיין סטודיאָ 9 אַזייגער אינדערפרי, צו דער מינוט. ער איז אין אַ געהויבענער שטימונג, פריש, מונטער און פול מיט דינאַמישער ענער־גיע פאַר אַ לאַנגן און שווערן טאָג פון שעפערישער אַרבעט.

יעדער איינער פון זיינע מיטאַרבעטער, שוישפּילער, מוזיקער, טענצער, פילם־מעכאַניקער, איז אויף זיין פּאָסטן.

טשאַפּלין טראָגט זיך אָפּ אויף עטלעכע מינוט אין זיין פּריוואַטן סטודיאָ־צימער, וואו ער פּוצט זיך אויס אין גרים און קאָסטיום פאַר דער הויפּט־ראָל, וואָס ער שפּילט אין יעדן נייעם פילם.

אין דעם ערשטן טאָג פון דער אַרבעט אַרום אַ נייעם פילם ווערט אין סטודיאָ דורכגעפירט אַ מין „איינשווערונג־צערעמאָניע". טשאַפּלין פאַר־זאָגט שטרענג אַלע זיינע מיטאַרבעטער צו האַלטן ס׳מויל, ניט אַרויסצוגעבן קיין סודות פון דער סטודיאָ, און דער עיקר ניט צו פאַנאַנדערפּויקן דעם אינהאַלט פונעם פילם.

דעם דאָזיקן מנהג האָט טשאַפּלין איינגעפירט נאָך מיט יאָרן צוריק, ווען פאַרשיידענע האָליוואָוד־פירמעס און אויך פילם־געזעלשאַפטן פון אויס־לאַנד האָבן געמאַכט פאַרזוכן, אמת ניט קיין געלונגענע, צו קאָנקורירן מיט טשאַפּלינען דורך אייגענע „טשאַפּלינס", דורך פילמס פון אַ טשאַפּלין־אינ־האַלט.

אַזוי אַרום האָבן זיך אָפּגעזוכט אין אַמעריקע אַרום אַ צענדליק „טשאַפּ־לינס". דער באַרימטער צווישן די נאָכמאַכער איז געווען בילי וועסט, וועלכער האָט זיך באַוויזן אויפן לייוונט אין „טשאַפּלין־קאָמעדיעס" אין די יאָרן 1917־1918. ער האָט זיך ספּעציאַליזירט ניט בלויז אין אַרויסכאַפּן טשאַפּלינס טעמעס, נאָר האָט אַפילו „געליען" פאַרן לייוונט דעם באַרימטן מלבוש פון טשאַפּלינס העלד.

אַ צווייטער פון דעם מין, טשאַרלס אַמאַדאָר, פלעגט דערשיינען אין פילם־קאָמעדיעס אונטערן נאָמען טשאַרלס אַלפּין.

אַפילו אַזאַ באַרימטער און אָפּטמאַל אָריגינעלער פילם־קאָמיקער, ווי הערלאָלד לאָיד, האָט, לויט זיין אייגענעם עדות־זאָגן, געמאַכט פאַרזוכן אין די יאָרן 1915־1917, צו שאַפן אַן אייגענעם טשאַפּלין־העלד און צו פּראָדוצירן

פילם־קאָמעדיעס אויפן שטייגער און לויטן אינהאַלט פון דעם אָריגינעלן טשאַפּלין.

אין דייטשלאַנד האָט זיך אין יענע יאָרן באַוויזן אַ טשאַרלי קאַפּלין, און אין פראַנקרייך זיינען צווישן די פּאָפּולערערע נאָכמאַכער געווען מעסיע זשאַק און אַנדרע סעשאַן.

פראַנקרייך האָט געשיקט איר באַגאַבטסטן פילם־קאָמיקער, מאַקס לינ־דער, קיין האָליוואוד צו דערגיין דעם סוד פון טשאַפּלינס פּאָפּולאַריטעט און זיך לערנען, אויב מעגלעך, פון דעם אומבאַקאַנטן אַמעריקאַנער.

מאַקס לינדער האָט פאַרעפנטלעכט אין פראַנצויזישן זשורנאַל „לע פילם" אין 1919 זיינע איינדרוקן פון טשאַפּלינען:

„טשאַפּלין באַצייכנט מיך אַלס זיין לערער. איך פיל זיך אָבער גליקלעך, וואָס איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט צו לערנען זיך ביי אים אין שול... ער דערלויבט כמעט קיינעם ניט אַריינצוגיין אין זיין סטודיאָ בעת ער גייט־אָן מיט דער אַרבעט... ער האָט שטאַרק פאַרדרוס און איז אויך שטאַרק אויפגע־רעגט צוליב דעם, וואָס אַנשטאָט צו מאַכן אַ פאַרזוך אַליין צו שאַפן, פאַר־נעמען זיך אַנדערע קאָמיקער־שוישפּילער — מערסטנס אַמעריקאַנער — מיט פראָדוצירן ביליקע נאָכמאַכונגען פון אים און זיי נוצן־אויס יעדן מעגלעכן קונץ צו דערגיין דעם סוד פון זיין אַרבעט.

„טשאַפּלין איז געווען גוט געגנוג אַריינצולאָזן מיך אין זיין סטודיאָ, כדי נאָכצופאָלגן אים ביי דער אַרבעט. איך קען מיט אַ רואיקן געוויסן זאָגן, אַז ער האָט ניט קיין סודות. ער איז מעטאָדיש אין זיין אַרבעט... ער פאַרמאָגט געוויסע אייגנשאַפטן, וואָס קיין נאָכמאַכער קאָן ניט דערגרייכן. ער פאַרמאָגט ניט קיין אויסערגעוויינלעכע איינפאַלן אָדער פריוואַטע דער־פינדונגען. ער איז אָבער זייער אינטעליגענט, זייער סיסטעמאַטיש, זייער געוויסנהאַפט. מען קאָן לייכט פאַרשטיין פאַרוואָס ער וויל בלייבן אומגע־שטערט בעת ער פראָדוצירט אַ נייעם פילם".

די שטימונג אין דער סטודיאָ איז אַן אָנגעצויגענע בעת טשאַפּלין באַ־וויזט זיך אין זיין גרים און קאָסטיום, גרייט צו „שיסן" אַ סצענע. די מערסטע שוישפּילער און טעכניקער זיינען טשאַפּלינס אַלטע פריינט פון די פריער־דיקע פילמס. זיי זיינען גוט באַקאַנט מיט טשאַפּלינס ערשטן געבאָט: פּער־פעקציע. פון דערפאַרונג וויסן זיי, אַז דאָס מיינט אַרבעט, אַרבעט און אַרבעט.

„איך אַרבעט ווי אַ טייוול, ווען איך מאַך אַ פילם", האָט זיך טשאַפּלין אַראָפּגערעדט פון האַרצן דעם 11טן דעצעמבער, 1951, פאַר דעם קאָרעס־פּאָנדענט פון „אַסאָשיעיטעד פּרעס", באָב טאָמאַס, און פאַרענדיקט דעם גע־שפּרעך מיט אַן עכטער טשאַפּלין־באַמערקונג: „נאָכדעם, ווי איך הויב־אָן מיין אַרבעט, וואונדער איך זיך אַליין פאַרוואָס איך האָב עס אונטערנומען".

דער קאָרעספּאָנדענט, פון זיין זייט, האָט זיך באַקלאָגט, אַז אים איז אויסגעקומען כסדר נאָכצולויפן אין דער סטודיאָ דעם 63־יאָריקן טשאַפּלינען, בעת ס'איז פאָטאָגראַפירט געוואָרן אַ סצענע פונעם פילם „בינע־ליכט".

„איר קאָנט ניט נעמען קיין אינטערוויו ביי טשאַפּלינען, ווען ער אַרבעט״, האָט דער קאָרעספּאָנדענט דערציילט: „איר מאַכט אַ פּאַרזוך אויפצוכאַפּן אַ וואָרט אָדער צוויי פון אים אין דער צייט, וואָס ער פירט־דורך אַ טוצן אויפגאַבן״.

בעת דעם אינטערוויו, דערציילט ווייטער דער קאָרעספּאָנדענט, איז טשאַפּלין געשפּרונגען פון אָרט צו אָרט, פון איין עק סטודיאָ צום צווייטן. מיט יעדן שוישפּילער האָט ער איינגעשטודירט זיין ראָל. אַזוי אַרום האָט טשאַפּלין אויסגעשפּילט יעדע ראָל, גרויס אָדער קליין, פונעם פילם. ביי איין שוישפּילער האָט ער פּאַררעכט דעם גרים אויפן פּנים. אַ צווייטן שוי־שפּילער האָט ער געגעבן אַן עצה, ווי צו טראָגן געהעריק דעם קאָסטיום.



די בלינדע מיידל גלויבט, אַז טשאַרלי איז דער גוטהאַרציקער מיליאָנער, וואָס קויפט ביי איר יעדן טאָג אַ בלום
(„ליכט פון שטאָט״, פעברואַר, 1931).

די טעכניקער האָט ער אויפמערקזאַם געמאַכט אויף געוויסע חסרונות אין די ליכט־עפעקטן. פון אַנדערע טעכניקער האָט ער פאַרלאַנגט איבערצובויען שנעל די הויפּט־גאַס אין דער פילם־שטאָט. ער האָט אויסגעשטעלט די שוישפּילער אויף זייערע פּאָזיציעס און איז צוגעלאָפן צו דער קאַמעראָ צו קאָנטראָלירן דעם אויסזען פון דער סצענע.

אַן אַרבעטס־טאָג אין טשאַפּלינס סטודיאָ פאַרציט זיך אָפט ביז צוועלף אַזייגער ביינאַכט. ערשט דאַן, נאָך אַ שווערן און אָנגעשטרענגטן טאָג־אַרבעט, נעמט זיך טשאַפּלין צו קאָנטראָלירן די סצענעס, וואָס זיינען פאָטאָגראַפירט געוואָרן יענעם טאָג. אין פאַל ער געפינט אַפילו אַ מינדערוויכטיקן חסרון אין אַ סצענע, ווערט זי אויף מאָרגן איבעראַנייעס פאָטאָגראַפירט.

אָפט פאַרוועגדט טשאַפּלין אַ גאַנצן טאָג אויף צוצוגרייטן און פאָטאָ־גראַפירן בלויז איין סצענע אין אַ לאַנגן פילם.

ווייזן דעם פילם „בינע־ליכט" אויפן לייוונט דויערט 143 מינוט. אין דעם פילם איז דאָ איין סצענע, איינע פון די גאָר לעצטע, וואָס דויערט בסך־הכל פופצן מינוט. אין אָט־דער סצענע ווערן אַרויסגעבראַכט אויפן לייוונט אַ קורצזיכטיקער פּיאַנאָ־שפּילער און אַן אַקראָבאַטישער פידל־קינסטלער. די ראָל פונעם פידל־שפּילער ווערט דורכגעפירט דורך טשאַפּלינען. די ראָל פונעם פּיאַנאָ־קינסטלער שפּילט דער באַרימטער פילם־קאָמיקער באָסטער קיטאָן.

אין דער אָנוועזנהייט פון אַלע אָנטיילנעמער אינעם פילם האָט טשאַפּלין אין משך פון אַ גאַנצן טאָג איינגעשטודירט די דאָזיקע סצענע, ביז ער האָט דערגרייכט דאָס וואָס ער האָט געוואָלט — פּערפעקציע, שלימות.

דער געניטער פילם־קאָמיקער, קיטאָן, האָט זיך אָבער ניט באַקלאָגט אויף זיין מערכה. פאַרקערט. אין אַן אינטערוויו מיטן איטאַליענישן זשור־נאַל „וויאַ בואָוואָ" האָט קיטאָן שפּעטער דערקלערט:

„טשאַפּלין איז דער גרעסטער רעזשיסער פון פילם־קאָמעדיע, וואָס איך האָב ווען־עס־איז געזען... זיין מעטאָד איז אויסגעצייכנט. ער גרייט־צו אַלץ, יעדן מינדערוויכטיקן דעטאַל, זייער, זייער פּאַרזיכטיק. טשאַפּלינס סטודיאָ איז די איינציקע, אין וועלכער ס'איז מעגלעך צו טאָן שעפערישע אַרבעט. די אַנדערע סטודיאָס (אין האָליוואוד) זיינען בלויז ריזיקע פאַבריקן".

4.

אין דעם פילם „אַ פרוי פון פּאַריז" (1923) איז דאָ אַ קליינע סצענע, וואָס ווייזט ווי דער העלד, געשפּילט פון אַדאָלף מענדזשו, גיט אַ קוש אַ מיידל, געשפּילט פון עדנאַ פּורוויאַנס. ביידע אָנטיילנעמער אין דעם פילם זיינען געווען געניטע און דערפאַרענע שוישפּילער. טשאַפּלין, וועלכער איז געווען בלויז דער רעזשיסער פונעם פילם, האָט הונדערט מאָל רעפּעטירט מיט די שוישפּילער די דאָזיקע קוש־סצענע. פופציק מאָל האָט ער פאָטאָגראַפירט די זעלבע סצענע, ביז ער האָט ענדלעך אַרויסגעקראָגן פון די שוישפּילער געניוי, וואָס ער האָט געוואָלט: דער קוש האָט געזאָלט אויסדריקןליידנ־שאַפט, אָבער ניט ליבע. דאָס מיידל האָט געזאָלט אויסדריקן צופרידנקייט, אָבער ניט גליק.

„שפּילט ניט! שפּילט ניט אויס אייערע ראָלן" — איז טשאַפּלינס שטרענגער באַפעל צו די אָנטיילנעמער אין זיינע פילמס: „מענטשן פאַר־לאַנגען דעם אמת, אויפריכטיקייט... איר מוזט זיי געבן דעם אמת, אויפ־ריכטיקייט אין קאָמעדיע".

אָט־דעם פּונקט האָט טשאַפּלין אויך אונטערשטראָכן אין זיין געשפּרעך אין 1954 מיט דער באַרימטער סאָוועטישער פילם־שוישפּילערין ליובאָוו אָרלאָוואַ, ווען ער האָט אָנגעוויזן: „אַלץ, וואָס ס'ווערט געוויזן אויפן לייוונט, מוז שטימען מיטן אמת".




„אָנגעלאָדן מיט אַלדאָס גוטס“... דאָך בענקט זיך אים תמיד אַהיים
(„ביקס אויף פלייצע“, אָקטאָבער, 1918).

אויף קיין קאָמפּראָמיסן איז טשאַפּלין ניט איינגעגאַנגען אין משך פון די אַלע יאָרן ביי דער אַרבעט פון שאַפן קינסטלערישע פילם־ווערק, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָט־דעם וויכטיקן און ריכטיקן פּרינציפּ בנוגע אַלע מינים קונסט, ספּעציעל דער פילם־קונסט, וואָס דאַרף דינען די ברייט־סטע שיכטן פון פאָלק.

טשאַפּלין האָט אויסגעקליבן דעם דערנער־וועג פון אומאָפּהענגיקייט אין האָליוואוד, ווייל ער איז געווען אַנטשלאָסן צו האַלטן זיך ביים פּרינציפּ

פון אמת אין קונסט, אין דער פילם־קונסט. פאַרטיידיקנדיק אָט־דעם פּרינציפּ, האָט טשאַפּלין געמאָלדן אין 1947:

„איך האָב באַשלאָסן, איין מאָל פאַר אַלעמאָל, צו דערקלערן קריג האָליוואוד... איך קאָן ניט און וויל ניט טראַכטן גענוי, ווי יעדער אַנדער מענטש טראַכט... האָליוואוד איז מער ניט פאַראינטערעסירט אין שאַפן פילמס, וואָס איז ווי באַקאַנט אַ קונסט... ס'איז אוממעגלעך איצט פאַר וועמען־עס־איז צו זיין (אין האָליוואוד) אַ דערפאָלג, אויב ער זאָגט זיך אָפּ אָנצונעמען די הערשנדיקע מיינונג... אָדער זיך קעגנצושטעלן די וואָרענונגען פון „ביג־ביזנעס"... האָליוואוד וועט פאַרלירן איר לעצטן קאַמף, אויב זי וועט ניט אויפגעבן די סטאַנדאַרדיזאַציע פון פילמס; אויב זי וועט ניט באַגרייפן, אַז מייסטערווערק אין פילמס קענען ניט געשאַפן ווערן אַזוי ווי טראַקטאָרס אין אַ פאַבריק. איך גלויב, אַז ס'איז צייט זיך אַוועקצולאָזן אויף אַ נייעם וועג" („האָליוואוד האָט מיר דערעסן", „רעינאָלדס ניוס", לאָנדאָן, דעצעמבער 7, 1947).

וועגן זיינע אייגענע באַמיאונגען אויסצוטרעטן אַ „נייעם וועג" אין דער פילם־קונסט, איבערמענטשלעכע באַמיאונגען, וואָס קומען צום אויסדרוק ביי דער אַרבעט, האָט טשאַפּלין דערקלערט: „איך וואָלט דאָס אַלץ ניט געטאָן, ווען איך וואָלט ניט געהאַט קיין הנאה פון דעם. בטבע בין איך אַ פּעדאַגאָג".

טשאַפּלינס „נייער וועג" איז באַשטאַנען אין דער אידייע, וואָס ער האָט אַנטוויקלט פאַר זיין יעדער נייער פילם־שאַפונג; אין זיינע באַמיאונגען פאָרצוברענגען, אונטער זיין שטרענגער אויפזיכט, די דאָזיקע אידייע אינעם פילם; אין נוצן אָן רחמנות זיין רייכן און שעפערישן טאַלאַנט אויפן געביט פון שוישפּיל, טאַנץ און מוזיק אין די אינטערעסן פון זיינע פילם־שאַפונגען; אין זיין שטרענגער באַציאונג צו יעדן דעטאַל אין פילם, ווי דעקאָראַציע, קאָסטיומען, פאָטאָגראַפיע, וואָס מוזן דורכגיין זיין פּערזענלעכן קאָנטראָל, און אין אַרויסברענגען אויפן לייוונט דעם אמת.

טשאַפּלין ביי דער אַרבעט לעבט אין אַ וועלט פון קונסט, וואָס אינספּירירט מיליאָנען, באַגייסטערט פעלקער, דערהויבט דעם מין מענטש.

קאַפּיטל ג

# טשאַפּלינס פילם־שאַפונגען אין דער רוזוועלט־עפּאָכע

1. פּרעזידענט רוזוועלט וועגן טשאַפּלינס „פּראָפּאַגאַנדע"
2. טשאַפּלינס העלד — די אַנטוויקלונג פון קליין מענטשעלע
3. „מאָדערנע צייטן" און דער „גרויסער דיקטאַטאָר"
4. די רעדע פון יידישן מלחמה־וועטעראַן



אַמעריקע — אין די „מאָדערנע צייטן"

# טשאַפּלין־שאַפונגען אין דער רוזוועלט־עפּאָכע

.1

פרענקלין דעלעינא רוזוועלט, פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג דינסטיק, דעם 16טן סעפּטעמבער, 1941, בעת ער האָט אויפגענומען אין „ווייסן־הויז" אין וואַשינג־טאָן פאַרשטייער פון דער פּרעסע.

די פּרעסע־קאָנפערענץ האָט אָנגעהאַלטן יענעם טאָג אַרום פופציק מינוט. אין משך פון דער גאַנצער צייט האָט פּרעזידענט רוזוועלט געפירט אַ פּריוואַט־לעכן שמועס מיט די צוויי הונדערט פאַרזאַמלטע צייטונגס־לייט בנוגע אַן ענין, וואָס האָט אויבנאויף גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט פּאָליטיק און זיכער ניט מיט דער ברענענדיקסטער טאָג־פראַגע — מיטן פאַרזוך פון די היט־לעריסטישע גאָרגל־שניידער צו פאַרשקלאַפן אַ וועלט. דער שמועס זיינער האָט הויפּטזעכלעך געהאַט צו טאָן מיט דער האַנדלונג פון אַ סענאַט־קאָמיטע, אָנגעפירט פון סענאַטאָר דזשעראַלד נאַי, פון נאָרט־דאַקאָטאַ, וואָס האָט זיך אונטערגענומען דורכצופירן אין לאַנד אַ כלומרשטע אונטערזוכונג וועגן „פּראָ־פּאַגאַנדע" אין פילמס בכלל און אין די אַנטי־נאַצי פילמס פון יענער צייט בפרט.

די סענאַט־אונטערזוכער האָבן אַרויסגעשיקט אַן „איינלאַדונג" צו טשאַרלי טשאַפּלין מיט אַן אויפפאָדערונג, אַז ער זאָל אויפטרעטן פאַר די אינקוויזיטאָרן פון 1941 און ענטפערן אויף אַ צאָל פראַגן וועגן זיינע לעצטע עטלעכע פילם־שאַפונגען, באַזונדערס וועגן זיין נייסטן פילם „דער גרויסער דיקטאַטאָר".

ווי באַקאַנט, איז פּרעזידענט רוזוועלט געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער פילם־קונסט, און דעריבער פלעגט אויף זיין פאַרלאַנג יעדער נייער וויכטיקער פילם געוויזן ווערן אין „ווייסן הויז". דער פּרעזידענט האָט שוין געהאַט געזען, אָן ספק, אויך טשאַפּלינס „דער גרויסער דיקטאַטאָר", וואָס האָט זיך באַוויזן אויפן לייוונט פון די טעאַטערס איבערן לאַנד דעם 15טן אָקטאָבער, 1940.

אין זיין פריינטלעכן שמועס מיט די צייטונגסלייט יענעם דינסטיק האָט דער פּרעזידענט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרזאַמלטע אין „ווייסן הויז" צו אַ קאַרטון, וואָס איז צו יענער צייט דערשינען אין דער צייטונג „וואַשינגטאָן־סטאַר". אין דעם דאָזיקן קאַרטון ווערט טשאַפּלין געוויזן אין זיין טראַדיציאָנעלן פילם־קאָסטיום, אויסגעפּוצט, לויט זיין שטייגער, אין

לאַנגע און צעקנייטשטע פּלודערן; אַן ענג רעקל אויף זיין אויסגעצערטן גוף; משונה־לאַנגע צעקרימטע און צעריסענע שיך אויף די פיס, און אַן אַפּגעבליאַקעוועט קאַפּעליושל אויף זיין גרויסן קאָפּ. אין דעם קאַרטון שטייט טשאַפּלין אָנגעשפּאַרט אויף זיין כישוף־שטעקעלע. אין דער לינקער האַנט האַלט טשאַפּלין די „איינלאַדונג" פון דער סענאַט־קאָמיטע, וואָס לייענט זיך:

„סובפּינא (אויפפאָדערונג) צו דערשיינען פאַר דער סענאַט־קאָמיטע, וואָס אונטערזוכט פּראָפּאַגאַנדע אין פילמס".

אַן אויפשריפט, וואָס קומט פון טשאַפּלינס מויל אַלס ענטפער צו דער אויפפאָדערונג פון די סענאַט־אינקוויזיטאָרן, לייענט זיך:

"וואָס קאָן איך שוין באמת אויסלערנען די דאָזיקע גרויס־מייסטערס פון קאָמעדיע?"...

דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט דאַן געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן און געוואַגטן פאָרשלאָג צו די פאַרזאַמלטע. רוזוועלט האָט פאָרגעשלאָגן די פאַרזאַמלטע צייטונגסלייט, אַז זיי זאָלן עצהן זייערע רעדאַקטאָרן איבערצודרוקן דעם דערמאָנטן קאַרטון וועגן טשאַפּלינס ענטפער אויף דער „איינלאַדונג" פון דער סענאַט קאָמיטע, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו „אונטערזוכן פּראָפּאַגאַנדע אין פילמס".

די פּרעסע־קאָנפערענץ אין „ווייסן הויז" האָט זיך אָבער ניט פאַרענדיקט יענעם טאָג מיט אָט־דעם געוואַגטן פאָרשלאָג צו די רעדאַקטאָרן איבערן לאַנד. ווי שטענדיק, האָט פּרעזידענט רוזוועלט אויך דאָס מאָל אונטערגעטראָגן די צייטונגסלייט אַ גאַנץ היפּשן סורפּריז. דער פּרעזידענט האָט זיי גוטמוטיק דערציילט די געשיכטע פון אַן אַמעריקאַנער אין אַ שטעטל אין ניי־ענגלאַנד, וועלכער האָט געשיקט אַ בריוו צו זיין סענאַטאָר אין וואַשינגטאָן, אַז ער האָט לעצטנס געלייענט אַ בוך, וואָס איז זייער שטאַרק פּאָפּולער ביי אונדז אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און אַז דער מחבר פון אָט־דעם שטאַרק־פּאָפּולערן בוך אין אַמעריקע איז גאָר געווען אַן „אויסלענדער" און נאָך אַ ייד דערצו, און אַז דער נאָמען פון דעם בוך איז „די ביבל" (תנ"ך) און אַז דער דאָזיקער פּאָפּולערער בוך איז אָנגעפּיקעוועט מיט „פּראָפּאַגאַנדע".

מיט אַ הילכיקן געלעכטער אויפן חשבון פון די סענאַט־אינקוויזיטאָרן פון 1941 האָט זיך יענעם טאָג געשלאָסן די פּרעסע־קאָנפערענץ אין „ווייסן־הויז". אין צייטונגען איבערן לאַנד האָט זיך באַוויזן אויף מאָרגן אַ „קאָפּ", וואָס האָט זיך געלייענט:

„פראַנקלין דעלעינא רוזוועלט דערמאָנט די פילם־האַסערישע סענאַטאָרן, אַז די ביבל איז פול מיט פּראָפּאַגאַנדע".

## .2

מיט קליינע אויסנאַמען האָט טשאַפּלין אין משך פון לאַנגע יאָרן פאַרגעבראַכט זיין באַליבטן פילם־העלד אַלס:

אַ הילפלאָז מענטשעלע — הויט־און־ביינער — ממש אַ האָפענונגסלאָזער

לא־יוצלח, וועלכער קאָן זיך בשום אופן ניט דערשלאָגן צו דעם, וואָס לייט באַצייכענען אַלס אָנשטענדיק לעבן;

אַן איינזאַם מענטשעלע, וועלכער קאָן בשום אופן ניט צוקלעפּן זיך צו אַנדערע און געווינען זייער פריינטשאַפט; איינער וואָס קאָן זיך ניט אַריינ־פּאַסן אין דער געזעלשאַפט;

אַן אַנגעשראָקן און אומעטיק מענטשעלע — אומעטיק אפילו דאַן, ווען אויף זיין פּנים באַווייזט זיך אַ „מיליאָן־דאָלאַרדיקער" שמייכל;

אַ פאַרביטערט מענטשעלע, וועלכער טראָגט זיך אַרום טיף אין האַרצן און אין באַוואוסטזיין מיטן פאַלשן און אומגעזונטן געדאַנק, אַז „יצר לב האדם רע מנעוריו" — אַז דער מענטש ווערט געבוירן מיט אַ האַרץ פון אַ שטיין און איז בדרך־כלל אַן אַכזר.




טשאַרלי צו די אינקוויזיטאָרן פון 1941: „וואָס קאָן איך שוין באמת אויסלערנען די דאָזיקע גרויס־מייסטערס פון קאָמעדיע?"... (די צייכענונג פון דזשים בערימאַן איז דערשינען אויף דער ערשטער זייט פון דער טעגלעכער צייטונג „וואַשינגטאָן סטאַר").

אַ באַזיגט מענטשעלע — צוליב וואָס קעמפן, ביחידות אָדער מיטן כלל? די וועלט איז אַזוי געווען מקדמונים — פֿאַרדאַרבן, זינדיק און ברוטאַל — און קיינער קאָן זי ניט ענדערן להבא. עטוואָס בעסערס, עטוואָס שענערס קאָן דאָס קליינע מענטשעלע דערגרייכן בלויז אין טרוים, אין זיין אויפגעבלאָזענער צעהיצטער פֿאַנטאַזיע...

אין קורצן, טשאַפּלינס העלד האָט אין משך פֿון יאָרן געלעבט אין אַ וועלט פֿון אויפגעבלאָזענע פֿאַנטאַזיעס, וואָס האָבן פּלוצעם געקראַכט און פֿון וועלכע ס'איז ניט געבליבן קיין שריד־ופליט נאָך דעם קראַך אויף „וואָל־סטריט" אין האַרבסט, 1929. הערבערט הואווער, דער דעמאָלטדיקער פּרעזידענט, האָט מיט זיין וועלט־פֿאַרנעם באַטראַכט יענע צייט און געקרוינט זי מיטן נאָמען „פֿאַרהאַרטעוועטער אַמעריקאַניזם" (ראַגעד אַמעריקאַניזם). דער תמצית פֿון אָט־דעם וועלט־באַנעם איז געווען — אַ הונט פֿרעסט אויף אַ הונט, און צום טייוול מיט יושר, מענטשלעכקייט און מענטשלעכער ווירדע; דער יחיד איז „צו־שטאָלץ" צו ווענדן זיך צום כלל נאָך הילף און ער דאַרף זיך דורכשלאָגן אַ וועג אין לעבן אַליין, אָן דער הילף פֿון כלל, פֿון דער געזעלשאַפֿט, פֿון דער רעגירונג.

טשאַפּלינס העלד, איינער פֿון די מיליאָנען אַמעריקאַנער אין דער ריזיקער און רייכער אַמעריקע, איז געווען אַ קרבן פֿון דער סיסטעם, וואָס האָט זיך באַזירט ביזן אָנקום פֿון די דרייסיקער יאָרן אויף דעם וועלט־באַנעם פֿון „פֿאַרהאַרטעוועטן אַמעריקאַניזם". טשאַפּלינס העלד האָט, פּונקט ווי מיליאָנען אַנדערע אַמעריקאַנער, אָנגעגנומען, בדרך כלל, גוטמוטיק, די יסורים פֿון טאָג־טעגלעכן פֿאַרהאַרטעוועטן לעבן, גלויבנדיק דערביי, אַז איבער נאַכט, מיט די אייגענע כוחות און אויפֿן חשבון פֿון אַ צווייטן, קאָן ער זיך „אַרויפֿאַרבעטן" צו דער מדרגה פֿון אַ מיליאָנער.

אין דער זעלבער צייט האָט אין די טיפֿענישן פֿון האַרצן פֿון דעם זעלביקן אַמעריקאַנער געגליט אַ פֿונק פֿון אַן אונטערדריקטן פּראָטעסט און פֿאַרביטערטקייט, וועלכע פּלעגן קומען צום אויסדרוק, ווי דאָס ווערט אָפֿט אַרויסגעבראַכט אין טשאַפּלינס מער ערנסטע פֿילם־שאַפֿונגען פֿון יענעם פּעריאָד, דורך חוזק, שפּאַס, אָפּלאַכערײַ אויפֿן חשבון פֿון דער מאַכט און מאַכט־האָבער.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אָט־דער פֿאַרבאָרגענער פּראָטעסט און די פּערזענלעך־יחידישע, אָפּטמאָל פֿאַרצווייפֿלטע שריט פֿון טשאַפּלינס העלד זיך צו העלפֿן, האָבן ניט געקענט ברענגען די ישועה פֿאַר זיין אייגענעם מיזערנעם לעבן און זיכער ניט די תרופֿה פֿאַר דער גאַנצער סיסטעם.

די כסדרדיקע דורכפֿאַלן פֿון טשאַפּלינס העלד, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט אויף איין אופֿן אָדער אַ צווייטן די מיליאָנען אַמעריקאַנער, האָבן געפֿירט צו יאוש, צו פּעסימיזם, צו דעפּיטיזם.

מיט ווייניק אויסנאַמען הויבן זיך אָן און ענדיקן זיך די מערסטע טשאַפּלין־פֿילמס פֿון יענעם פּעריאָד אין אַן אַטמאָספֿער פֿון געדריקטקייט, אומעט און הילפֿלאָזיקייט. טשאַפּלינס העלד הויבט־אָן, אין דער ערשטער סצענע פֿון די מערסטע פֿילמס, מיט גאָרנישט — פֿאַרהונגערט, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ,

אָן אַ לייטישן בגד אויפן גוף — און ענדיקט מיט גאָרנישט לסוף פונעם פילם, ווען אַ דערשלאָגענער און אַ באַזיגטער טראָגט ער זיך אָפּ אַנצוהויבן פונדאָסניי אַ „היגטיש לעבן".

ערשט מיטן אָנקום פון דער רוזוועלט־עפּאָכע און די „מאָדערנע צייטן" קאָן טשאַפּלינס העלד זיך דערלויבן צו געזעגענען זיך מיטן צושויער מיטן אָפּטימיסטישן גלויבן:

„מיר וועלן זיך דורכשלאָגן אַ וועג..."

נאָך שפּעטער, נאָכדעם, ווי די „מאָדערנע צייטן" האָבן זיך טיף איינגעוואָרצלט אין דער רוזוועלט־אַמעריקע, האָט די מעבֿטיקע שטים פון טשאַפּלינס העלד אין „גרויסער דיקטאַטאָר" געדונערט צו דער וועלט מיט דער נבֿואה:

„די וואָלקנס פאַרשווינדן!

„די זון ברעכט זיך דורך!

„מיר קומען־אַריין אין אַ נייער וועלט — אין אַ פרייַנטלעכער וועלט, וואו מענטשן וועלן זיך אויפהויבן איבער זייער גייציקייט, זייער האַס און ברוטאַליטעט".

.3

אין דער רוזוועלט־עפּאָכע האָט טשאַפּלין אויסגענוצט מיט אַ ברייטער האַנט זיין רייכן אוצר פון קונסט־מיטלען אויף דורכצושמועסן זיך אָפנהאַרציק, אין דער פילם־שפּראַך, מיטן פאָלק איבער טעמעס, וואָס זיינען ביז דאַן געווען טאַבו אין האָליוואוד.

די אַרויפגעצוואונגענע דערנידעריקונג פון מענטשן אין דער סיסטעם פון פּראָפיטן־פּאַרן־יחיד:

דער פילם „מאָדערנע צייטן" עפנט זיך מיט אַ סצענע פון אַ סטאַדע שעפּסן, וואָס ווערט געטריבן אין שטאַל. באַלד נאָכדעם קומט אַ צווייטע סצענע, וואָס שילדערט דאָס יאָגן זיך פון אַרבעטער גלייך פון די סאָבוויים אין די פאַבריקן, געגוי, ווי די סטאַדע שעפּסן.

די פאַרשקלאַפונג פון אַרבעטער צו דער מאַשין:

אין פאַבריק, ווערט געשילדערט אינעם פילם, איז דער אַרבעטער פאַרוואַנדלט אין אַ שרייפל־מענטש, וואָס דאַרף כסדר נאָכיאָגן די שנעלע און אויטאָמאַטישע באַוועגונגען פון דער ריזיקער מאַשין. די מאַשין באַהערשט דעם מענטשן. די מאַשין, דער לעבנסלאָזער גולם, געשאַפן דורכן מענטשן צו ברענגען גליק פאַרן מענטשן, פאַרניכטעט דעם מענטשן אין אָט דער סיסטעם גייסטיק און פיזיש.

דער אוממענטשלעכער געיעג נאָך פּראָפיטן:

דער פאַבריק־אייגנטימער נוצט־אויס די וויסנשאַפטלעכע דערפינדונגען פונעם מענטשן אויף נאָכצושפּירן דעם אַרבעטער אין פאַבריק און צו פאַרשנעלערן דעם טעמפּאָ פון דעם אַרבעטערס פּראָדוקטיוויטעט. איינע פון די דערפינדונגען אויף דעם געביט איז אַ מאַשין, וואָס דאַרף מעכאַניש שפּייזן דעם אַרבעטער און דורכדעם פאַרקלענערן דעם רו־פּעריאָד אין פאַבריק.

קאָמפּסגרייטקייט פון מענטשן פאַר זעלבסטשוץ:

דער פילם ברענגט־אַרויס אויפֿן לייוונט אַ סטרייק פֿון די אַרבעטער קעגן אַט־דער ברוטאַלער סיסטעם אין דער פֿאַבריק. דער צושויער זעט אויך אויפֿן לייוונט אַ דעמאָנסטראַציע פֿון סטרייקנדיקע און אַרבעטסלאָזע. טשאַפּלינס העלד פֿאַרבלאָנדזשעט אין אַט־דער דעמאָנסטראַציע, האַלטנדיק אין האַנט אַ רויטע פֿאָן, וואָס ער האָט דורך אַ צופֿאַל געפֿונען אין גאַס. פּאָליציי באַגעגנט די סטרייקערס און אַרבעטסלאָזע מיט דובינקעס.

איינשטעלונג, וואָס צעשטערט די מאָראַל פֿון מענטשן:

טשאַפּלינס העלד ווערט פֿאַרשיקט אין טורמע. פּאָליציי אַרעסטירט און פֿאַרשיקט אין טורמע אויך אַ יונג מיידל פֿאַר דעם, וואָס זי גנבעט אַ שטיקל ברויט צו זעטיקן איר הונגער. נאָך זייער באַפֿרייאונג פֿון טורמע געפֿינען זיי ביידע אַרבעט אין אַ נאַכט־קלוב. פּאָליציי מאַכט אַן איבערפֿאַל אויף דעם נאַכט־קלוב, וואָס איז אָנגעפֿילט מיט שיכורע און רייכע ליידיקגייער און קלייבט זיך ווידעראַמאָל צו אַרעסטירן דאָס מיידל. דאָס מאָל איז דער אויסרייד, אַז דאָס מיידל איז צו־יונג און האָט, לויטן געזעץ, קיין רעכט ניט צו אַרבעטן. הונגערן — יאָ; אָבער אַרבעטן — ניט.

אַזאַ פּנים האָט אינעם פֿילם „מאָדערנע צייטן" געהאַט די סיסטעם, וואָס האָט געפֿירט צו דעם, אַז „איין דריטל פֿון פֿאָלק איז שלעכט באַשפּייזט, שלעכט־באַקליידט און שלעכט באַהויזט" (לויט פּרעזידענט רוזוועלטס אויסדרוק).

די זעלבע איינפֿלוסרייכע רעאַקציאָנערע קרייזן אין לאַנד, וועלכע האָבן געניצט יעדן מיטל צו באַקעמפֿן די רוזוועלט־שריט צו העלפֿן דעם פֿאָלק, האָבן אויך געזוכט צו פֿאַרשרייען דעם פֿילם „מאָדערנע צייטן" אַלס „רויטע פּראָפּאַגאַנדע".

„מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע" איז געווען דער אויסגעשריי פֿון די זעלבע קרייזן אין עטלעכע יאָר אַרום, אין 1940, ווען טשאַפּלינס אַנטי־נאַצי פֿילם „דער גרויסער דיקטאַטאָר" האָט זיך באַוויזן אויפֿן לייוונט.

אין דעם פֿילם האָט טשאַפּלין אונטערשטראָכן, אַז זיין העלד, דער פֿאָלקס־מענטש, האָט זיך ענדלעך באַפֿרייט פֿון זיינע נעגאַטיווע שטריכן און איינרעדענישן און האָט אָנגעהויבן גלויבן אין דעם קאָלעקטיוון כּוח און מאַכט צו ענדערן וועזנטלעך דעם דערדריקנדיקן צושטאַנד ביי זיך אין לאַנד, די געפֿערלעכע לאַגע אויף דער וועלט.

טשאַפּלינס העלד פֿון יענעם פּעריאָד האָט אינעם פֿילם „דער גרויסער דיקטאַטאָר" דערמאָנט דעם לעגענדאַרן ריז, וועלכער האָט ניט בלויז פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון עץ־הדעת, נאָר האָט אויך גוט צעקייט דעם עפּל פֿון וויסן, וואָס האָט געעפֿנט זיינע אויגן צו אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס.

פֿאַר דעם צוועק האָט טשאַפּלין אויסגעניצט אין „דער גרויסער דיקטאַטאָר" אַלע אָפּלאַכערישע פֿאָרמען פֿון דער פֿילם־קונסט — איינפֿאַכע קאָמעדיע, סאַטירע, שאַרזש און קאַריקאַטור — אַרויסצושטעלן אויפֿן לייוונט אין זייער אמתער ליכט יענע, וואָס האָבן צו יענער צייט פּערזאָניפֿיצירט דאָס שלעכטס אין דער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג.

צווישן די נעגאַטיווע פיגורן אינעם פילם „דער גרויסער דיקטאַטאָר" געפינען זיך:

אַדענאָיד הינקל (אַדאָלף היטלער), דער הויפּט פון דער הערשנדיקער פּאַרטיי „דאָבל קראָס" (כּפל־שמונהדיקע אָפּנאַרער) אין מדינת „טאָמאַניאַ" (דייטשלאַנד), וועלכער האָט מיט דער הילף פון באַוואָפנטע גאַרגל־שניידער און פינאַנץ־מאַגנאַטן פאַרכאַפּט די מאַכט און זיך דערקלערט אַלס דער „גרויסער דיקטאַטאָר".

בענזינאָ נאַפּאַלאָני (בעניטאָ מוסאָליני), דער אָנגעבלאָזענער דיקטאַטאָר פון מדינת „באַקטעריאַ" (איטאַליע).

גאַרביטש, דער גרויס־מויליקער פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער פונעם „גרויסן דיקטאַטאָר", וועלכער אַרבעט־אויס פּלענער פאַר גרעסערע פּאָגראָמען אויף יידן און פאַר דער פאַרכאַפּונג פון מדינת „אוסטערליך" (עסטרייך).

הערינג, דער באַוואָפענונגס־מיניסטער פון דעם „גרויסן דיקטאַטאָר", וועלכער איז באַרימט מיט זיין בייסטער דערפינדונג, — אַ גאַז „וואָס וועט דערהרגענען אַלעמען", ספּעציעל די סטרייקנדיקע אַרבעטער.

אַלע פיילן פון זיין רייכן קונסט־אַרסענאַל האָט טשאַפּלין געצילט אין דער ריכטונג פון די פאַרשוינען, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די סיסטעם פון פאַשיזם און נאַציזם.

אין דער זעלבער צייט האָט טשאַפּלין געשעפּט מיט אַ ברייטער האַנט פון די קוואַלן פון זיין העכסט־קינסטלערישן פּאַטאָס צו שילדערן אויפן לייוונט די יסורים און ליידן פון איין שיכט פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען דער ערשטער קרבן פון פאַשיזם און נאַציזם — די ליידן און פייניקונגען פון דעם יידן.

טשאַפּלינס פּאָזיטיווער העלד אינעם פילם „דער גרויסער דיקטאַטאָר" איז דער באַוואוסטזיניקער און קעמפנדיקער מענטש, דער באַוואוסטזיניקער, קעמפנדיקער און ווירדיקער ייד.

.4

קלאַנגען פון מוזיק — טשאַפּלינס מוזיק — טראָגן זיך פונעם לייוונט אין דער לעצטער סצענע פונעם פילם „דער גרויסער דיקטאַטאָר", מוזיק־קלאַנגען, וואָס ברענגען האָפענונג צו דעם יידישן מיידל אין געטאָ האַנאַ, צו די אַנדערע יידן פון געטאָ, צו די פּליטים, צו די מיליאָנען און מיליאָנען פאַרשקלאַפטע קרבנות פון נאַציזם און פאַשיזם.

דער יידישער מלחמה־וועטעראַן אינעם פילם, געשפּילט פון טשאַפּלינען, קריגט אַ מעגלעכקייט צו ווערן דער הערשער איבער מדינת „טאָמאַניאַ", איבער דער גאָרער וועלט.

שטיל, געלאַסן, הויבט־אָן דער ייד זיין רעדע. זיין שטים ווערט אָבער מיט יעדער רגע שטאַרקער, מעכטיקער. טשאַפּלינס העלד לאָזט וויסן:

„עס טוט מיר לייד. איך וויל ניט זיין קיין אימפּעראַטאָר.

„דאָס איז ניט קיין ענין פאַר מיר.

„איך וויל ניט הערשן, אָדער עמעצן באַזיגן.

„איך וואָלט וועלן העלפן יעדן איינעם, אויב מעגלעך, ייד, קריסט, שוואַרצע מענטשן, ווייסע.

„מיר אַלע ווילן העלפן איינער דעם צווייטן.

„מענטשן זיינען דאָך אַזוי.

„מיר ווילן זיך טיילן מיטן צווייטנס גליק — ניט מיטן צווייטנס אומגליק.

„מיר ווילן ניט האַסן און פאַראַכטן איינער דעם צווייטן.

„ס׳איז פאַראַן גענוג אָרט פאַר יעדן איינעם אויף דער וועלט.

„די גוטע ערד איז רייך און קאָן געבן גענוג פאַר אַלעמען.

„דער וועג פון לעבן קאָן זיין פריי און שיין. מיר האָבן אָבער דעם וועג פאַרלוירן.

„גייציקייט האָט פאַרגיפטעט דעם מענטשנס נשמה — האָט פאַרבאַריקאַדירט די וועלט מיט האַס — האָט אונדז אַריינגעטריבן אין נויט און בלוט־פאַרגיסונג.

„מיר האָבן דעראָבערט שנעלקייט, אָבער מיר האָבן זיך איינגעשלאָסן אין זיך.

„מאַשינען, וואָס גיבן שפע, האָבן אונדז איבערגעלאָזט אין דחקות.

„אונזער וויסן האָט אונדז געמאַכט ציניש.

„אונדזער קלוגשאַפט האָט אונדז געמאַכט פאַרהאַרטעוועט און ניט־פריינטלעך.

„מיר דענקען צו־פיל און פילן צו־ווייניק.

„מער ווי אין מאַשינען, נויטיקן מיר זיך אין מענטשלעכקייט.

„מער ווי אין חכמה, נויטיקן מיר זיך אין פריינטלעכקייט.

„אָן די דאָזיקע אייגנשאַפטן וועט דאָס לעבן זיין פאַרגרעבט און אַלץ וועט זיין פאַרלוירן.

„דער עראָפּלאַן און די ראַדיאָ האָבן אונדז נעענטער צונויפגעבראַכט.

„דער סאַמע מהות פון די דאָזיקע דערפינדונגען רופט צו גוטסקייט אין מענטשן, רופן צו אַלוועלטלעכער ברודערשאַפט, פאַר דער אייניקייט פון אונדז אַלעמען.

„אַפילו איצט גרייכט מיין קול צו מיליאָנען אין דער גאָרער וועלט — מיליאָנען פאַרצווייפלטע מענער, פרויען און קינדער — קרבנות פון אַ סיסטעם, וואָס מאַכט מענטשן צו פּייניקן און צו שליידערן אין טורמעס אומשולדיקע מענטשן.

„צו יענע, וואָס קאָנען מיך הערן, זאָג איך:

„זייט ניט פאַרצווייפלט.

„די צרות, וואָס זיינען אונדז באַפאַלן, נעמען זיך בלויז פון דער געמיינלערישער נערוועזיטעט פון די זשעדנע גבירים — די ביטערניש פון מענטשן, וועלכע האָבן מורא פאַר דעם וועג פון מענטשלעכן פאַרשריט.

„דער האַס פון די מענטשן וועט פאַרשווינדן, און דיקטאַטאָרס וועלן

שטאַרבן, און די מאַכט, וואָס זיי האָבן גענומען פונעם פאָלק, וועט זיך אומקערן צום פאָלק.

„אַזוי לאַנג, ווי מענטשן שטאַרבן, וועט קיינמאָל די פרייהייט ניט אונטערגיין.

סאָלדאַטן!

„פאָלגט ניט די דאָזיקע בויאַנעס — מענטשן, וואָס פאַראַכטן אייך, פאַר־שקלאַפן אייך, רעגימענטירן אייער לעבנס, זאָגן אייך וואָס צו טאָן, וואָס צו דענקען און ווי צו פילן; מענטשן, וועלכע מושטירן אייך, פאַרהונגערן אייך, באַהאַנדלען אייך ווי בהמות און באַנוצן אייך אַלס קאַנאָנען־פלייש.



דער יידישער מלחמה־וועטעראַן, פאַרשטעלט אַלס היטלער, רעדט צו דער וועלט („דער גרויסער דיקטאַטאָר״, 1940).

„פאָלגט ניט די דאָזיקע מענטשן — מאַשין־מענטשן מיט מאַשינאָווע מוחות און הערצער פון מאַשינען!

„איר זייט ניט קיין מאַשינען!

„איר זייט מענטשן!

„איר טראָגט די ליבשאַפט צו מענטשלעכקייט אין אייערע הערצער!

„טוט ניט האַסן!

„בלויז די ניט־געליבטע און די אומנאַטירלעכע האַסן.

„סאָלדאַטן!

„קעמפט ניט פאַר שקלאַפעריי!

„קעמפט פאַר פרייהייט!

„איר, דאָס פאָלק, האָט די מאַכט — די מאַכט צו באַשאַפן מאַשינען, די מאַכט צו שאַפן גליק.

„איר, דאָס פאָלק, האָט די מאַכט צו מאַכן דאָס לעבן פריי און שיין — צו פאַרוואַנדלען דאָס לעבן אין אַ וואונדערלעכער איבערלעבונג.

„אויב אַזוי —

„אין נאָמען פון דעמאָקראַטיע, לאָמיר באַנוצן די דאָזיקע מאַכט!

„לאָמיר זיך פאַראייניקן!

„לאָמיר קעמפן פאַר אַ נייער וועלט — אַן אַנשטענדיקער וועלט, וואָס זאָל געבן דעם מענטשן אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן; וואָס זאָל געבן דער יוגנט אַ צוקונפט, און די אַלטע לייט — פאַרזיכערונג.

„דורכדעם, וואָס די בויאַנעס האָבן צוגעזאָגט אָט־די זאַכן, זיינען זיי געקומען צו דער מאַכט. אָבער זיי האָבן אָפּגענאַרט. זיי פילן ניט אויס זייערע צוזאָגן. זיי וועלן עס קיינמאָל ניט טאָן.

„דיקטאַטאָרס האָבן באַפרייט זיך — אָבער זיי האָבן פאַרשקלאַפט דאָס פאָלק.

„לאָמיר איצט קעמפן צו באַפרייען די וועלט — אָפּצושאַפן נאַציאָנאַלע צוימען, אָפּצושאַפן גייציקייט, האַס און אומטאָלעראַנץ!

„לאָמיר קעמפן פאַר אַ וועלט פון פאַרנונפט — אַ וועלט, אין וועלכער וויסנשאַפט און פאַרשריט וועלן פירן צו אונדזער אַלעמענס גליק!

„סאָלדאַטן!

„אין נאָמען פון דעמאָקראַטיע, לאָמיר זיך פאַראייניקן!

„האַנאַ!

„צי קאָנסטו מיך הערן?

„וואו דו זאָלסט ניט זיין, הויב־אויף דיינע אויגן, קוק־אַרויף! קוק־אַרויף, האַנאַ!

„די וואָלקנס פאַרשווינדן!

„די זון ברעכט זיך דורך!

„מיר קומען־אַרויס פון דער פינצטערניש אין דער ליכטיקייט!

„מיר קומען־אַרויס אין אַ נייער וועלט — אַ פריינטלעכער וועלט, אין וועלכער מענטשן וועלן זיך אויפהויבן איבער גייציקייט, איבער האַס און איבער ברוטאַליטעט!

„קוק־אַרויף, האַנאַ!

„די נשמה פון מענטשן האָט באַקומען פליגל און ענדלעך הויבט ער אָן צו פליען. דער מענטש פליט אינעם רעגנבויגן — אינעם ליכט פון האָפענונג — צו דיר, צו מיר, צו אונדז אַלעמען.

„קוק־אַרויף, האַנאַ!

„קוק־אַרויף!".

קאַפּיטל ד

# דער ייד אין טשאַפּלינס פילמס — טשאַפּלין וועגן יידישע פּראָבלעמען



1. טשאַפּלינס ייד — אַנטוויקלונג פון אַ פילם־טיפּ
2. יידישע פּראָבלעמען אין „גרויסן דיקטאַטאָר“
3. יאָ ייד, ניט ייד — דער גרויסער וויכוח
4. טשאַפּלין — דער סימבאָל אין דער דיסקוסיע וועגן זיין יידישקייט
5. טשאַפּלין אויף אַ באַזוך אין דעם מאָריס שוואַרץ קונסט־טעאַטער
6. טשאַפּלין וועגן יידן און יידישע פּראָבלעמען



אַ דיסקוסיע אין געטאָ: דאַרפן יידן אָנטיילנעמען
אינעם קאַמף קעגן „גרויסן דיקטאַטאָר״?

# דער ייד אין טשאַפּלינס שאַפונגען — טשאַפּלין וועגן יידישע פּראָבלעמען

.1

טשאַפּלין האָט געוואונען די הערצער פון די מיליאָנען איבער גאָר דער וועלט, ווייל ער האָט רעוואָלטירט אין זיינע שאַפונגען קעגן די אָנגענומענע איינשטעלונגען פון האָליוואוד בנוגע דעם העלד פון אַלע קונסטווערק — דעם מענטשן. דער העלד אין טשאַפּלינס פילם־שאַפונגען איז געווען דער מענטש פון אַ גאַנץ יאָר; דער מענטש, וואָס פירט כסדר אַ קאַמף פאַר זיין פיזישער עקזיסטענץ; דער מענטש, וואָס טרוימט, אַמאָל שטיל אין זיך און אַמאָל בקול רם, פון אַביסעלע גליק אין אַ סאָציאַלער און עקאָנאָמישער סיסטעם, אין וועלכער דער טרוימער פון דעם מין ווערט געוויינלעך אויסגעלאַכט, אויסגעשפּאָט.

אין זיין רעוואָלט קעגן אָט־דער האָליוואוד האָט טשאַפּלין זיך אָפּגעטרייסלט פון דעם גאַנצן סכום פאַלשקייטן, מיט וועלכע די פילם־אינדוסטריע אין אַמעריקע האָט געשפּייזט די מאַסן־צושויער. טשאַפּלין האָט זיך אין זיינע פילם־שאַפונגען פאַרנומען אויף נייע וועגן. בנוגע דעם צוגאַנג צו זיינע העלדן איז כאַראַקטעריסטיש זיין פאָלגנדיקע דערקלערונג:

„איך האָב קיינמאָל ניט געמאַכט קיין שפּאָס אויף זייער (נעגער) חשבון. זיי האָבן צופיל געליטן צו זיין קאָמיש אין מיינע אויגן".

דעמזעלבן צוגאַנג האָט טשאַפּלין אַרויסגעוויזן אין זיינע רייפע פילם־שאַפונגען צו יעדן איינעם, וואָס „האָט זיך צופיל אָנגעליטן", אַריינגערעכנט דעם יידן, דאָס יידישע פאָלק.

ווען טשאַפּלין איז אָנגעקומען אין אַמעריקע אין 1913, איז אויפן לייוונט פון די קינאָ־טעאַטערס אין אַמעריקע געוויזן געוואָרן בלויז איין טיפּ ייד: „דער פילם ייד", „דער קאָמעדיאַנטישער ייד" („דזשו קאָמידיען"). דער פילם־ייד האָט אויפן לייוונט אויסגעזען קאָמיש: אַ לאַנגע נאָז, אַ צעשויבערטע און שמוציקע באָרד, אַ פאַרשמאָלצענע קאַפּאָטע, און ער האָט כסדר „גערעדט" מיט די הענט.

האָליוואוד האָט אויך צוגעשריבן דעם „פילם־יידן" בלויז נעגאַטיווע שטריכן, און בריער פון אַלץ שווינדל און אָפּנאַרעריי.

אַן ענלעכן צוגאַנג פון פאַראַכטונג און חוזק האָט האָליוואָוד אַרויסגע־וויזן צו יעדן אַמעריקאַנער, וואָס זי האָט באַטראַכט אַלס „פרעמדן" און „צווייטקלאַסיקן" בירגער. דער איטאַליענער איז כסדר פאַרגעבראַכט געוואָרן אין פילמס, ווי אַן אומוויסנדיקער פרוכט־און פיש־פעדלער, און שפּעטער, ווי אַ גענגסטער; דער אירלענדער — ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער כאַבאַר־נעמער; דער נעגער — אַלס אַ גוטמוטיקער פוילנצער און טויגע־ניכטס; דער אימיגראַנט בכלל — אַלס פאַרדעכטיקטער פרעמדער ברוגז־דיקער מורמלער; דער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער און יוניאָן־מיטגליד — אַלס אומאַמעריקאַנער, געפערלעכער פאַרשווערער, וועלכער טראָגט זיך אַרום מיט „באָמבעס אין די קעשענעס".

פאַר אַ צייט, בלויז אַ קורצע צייט, איז דער „פילם־ייד", לויטן אָנגע־נומענעם האָליוואָוד־שטייגער, אויך דערשינען אין אַ צאָל טשאַפּלין־קאָמע־דיעס, ווי „וואַגאַבונד" (נע ונד) 1916; „פּאָנשאָפּ" (לאָמבאַרד־פּראָצענטניק) 1916; „איזי סטריט" (די גאַס פון אַ לייכט לעבן), 1917; „טריפּל טראָבל" (דרייפאַכע צרות), 1918, און אפילו אויך אין „דהי קיד" (דאָס קינד), 1921.

אין „וואַגאַבונד" שטייט אַ ייד, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און אַ לאַנגער באָרד, אין אַ שענק, וואו דער עולם קריגט צוזאַמען מיט אַ גלאָז ביר אויך אַ פרייען מאָלצייט. דער ייד קלייבט זיך אויס אַ שטיקל ברויט און פלייש. טשאַפּלינס העלד קומט־אַריין אין שענק און שטעלט־אַוועק אַ גרויסן שילד אויפן טעלער מיט פלייש. אויפן שילד איז אָנגעצייכנט אין וואָרט: „העם" (חזיר). דער עולם אין שענק קייקלט זיך פון געלעכטער אויפן חשבון פון דעם יידן.

אין „לאָמבאַרד" דערשיינט אויפן לייוונט אַן אַנדער טיפּ „האָליוואָוד־ייד" — דער האַרצלאָזער יידישער געשעפטסמאַן, דער געוויסנלאָזער יידי־שער פּראָצענטניק.

אין „איזי סטריט" פאַלט־אַריין טשאַפּלינס העלד אין אַ קעלער פון דער געטאָ אין ניו־יאָרק, וואו יידישע סוחרים פאַרנעמען זיך מיטן האַנדל פון אָפּיום און מיט אַנדערע ניט צו־זויבערע געשעפטן.

אין „טריפּל טראָבל" דערשיינט אויפן לייוונט אַ קאָמבינאַציע פון דעם אָנגענומענעם „פילם־ייד" — דער „קאָמעדיאַנטישער ייד" און דער האַרצ־לאָזער געשעפטסמאַן. אין דעם פילם איז דער ייד אַן אייגנטימער פון אַ נאַכט־לעגער פאַר דער אָרעמשאַפט. אינמיטן נאַכט רייסט זיך אַריין דער אייגנטימער אין דעם נאַכט־לעגער און שליידערט־אַרויס אין דער קאַלטער גאַס יענע היימלאָזע, וועלכע האָבן אים ניט באַצאָלט די עטלעכע סענט פאַר איבערשלאָפן אין דעם שמוציקן פּלאַץ.

כאָטש „טריפּל טראָבל" איז געוויזן געוואָרן אין 1918, באַלאַנגט אָבער די סצענע מיטן יידן צו טשאַפּלינס ערשטע פילם־קאָמעדיעס פון 1915. „טריפּל טראָבל" איז אַ פילם, וואָס די „עסענעי קאָמפּאַני" האָט צונויפגעשטשאָבעט פון טשאַפּלינס ערשטע פילם־קאָמעדיעס פון יאָר 1915.

„אַ האָליוואָוד־ייד", דערשיינט אויך אין איין סצענע אין טשאַפּלינס „דאָס קינד". טשאַפּלינס העלד זוכט פּטור צו ווערן פון אַ קינד, וואָס ער האָט גע־

פונען ביי די טירן פון קירך און זוכט אָפּצוגעבן דאָס קינד אַן עלטערן יידן. דער ייד דערשרעקט זיך און הויבט־אָן, גאַנץ קאָמיש, אָפּצוטראָגן זיך פון דער אָנשיקעניש.

אין יענע „גרינע" יאָרן אין אַמעריקע, אין האָליוואוד, דערשיינט טשאַפּלינס העלד אויך אין עטלעכע אַנטי־יוניאָן פילמס, ווי „דאָו ענד דאַינאַמאַיט" (טייג און דינאַמיט), 1914, אין „בעהאַינד דהי סקרין" (הינטער די קוליסן פון פילם־לייוונט) 1916.

די נעגאַטיווע מאָמענטן אין טשאַפּלינס פילם־שאַפונגען זיינען אָבער געווען „יוגנט־זינד" אין האָליוואוד. אין דעם מאָמענט, ווען טשאַפּלין האָט רעוואָל־טירט קעגן אַלץ, וואָס האָליוואוד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, האָט ער זיך אויך פולשטענדיק באַפרייט פון די נעגאַטיווע איינפלוסן אויף זיינע שאַפונגען.

טשאַפּלינס רעוואָלט קעגן האָליוואוד איז געקומען צום אויסדרוק אין זיינע באַמיאונגען פאָרצוברענגען אויפן לייוונט דאָס רעאַלע, טאָג־טעגלעכע לעבן.

„איך בין כסדר באַרייכערט געוואָרן פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן", האָט טשאַפּלין דערקלערט ביי אַ געלעגנהייט און פאָרגעזעצט: „דער פולער סוד (פון זיין דערפאָלג אין די פילמס) באַשטייט אין דעם, וואָס איך האַלט מיינע אויגן אָפן און מיין מוח וואַכזאַם פאַר יעדער זאַך, וואָס קאָן אויסגענוצט ווערן אין מיינע פילמס".

אין רעאַלן לעבן איז אָבער דער ייד פון אַ גאַנץ יאָר געווען געגוי דאָס פאַרקערטע פון דעם, ווי האָליוואוד האָט אים געשילדערט אין פילמס.

אין זיין מאַרש־פאָראויס אויפן וועג פון קינסטלערישער רייפקייט האָט טשאַפּלין זיך אָפּגעטרייסלט אינגאַנצן פון דעם אָנגענומענעם „פילם־ייד" און האָט שפּעטער־צו פאָרגעבראַכט אויפן לייוונט דעם שטאָלצן, קעמפערישן און מוטיקן יידן.

## 2.

אין 1940 איז דערשינען אויפן לייוונט טשאַפּלינס דער „גרויסער דיק־טאַטאָר", וואָס האָט געהאָלפן מאָביליזירן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין אַמעריקע און איבער דער וועלט קעגן דער געפאַר פון פאַשיזם, נאַציזם.

אין דעם פילם האָט טשאַפּלין אויך אַרויסגעבראַכט אויפן לייוונט אַ פּראָב־לעם, וואָס איז צו יענער צייט שטאַרק דיסקוטירט געוואָרן אין ברייטע גע־זעלשאַפטלעכע קרייזן אין אַמעריקע, וועלכע האָבן טיילוויז געלעבט מיט פאַלשע אילוזיעס, אַז „דאָ קאָן דאָס ניט געשען". דידאָזיקע דיסקוסיע איז, אגב, שפּעטער אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין די געטאָס אין אייראָפּע, וואו די נאַצי־אָקופּאַנטן האָבן פאַרשפּאַרט מיליאָנען יידן פון אייראָפּע.

דער תמצית פון דער דיסקוסיע איז געווען: צי דאַרפן יידן, אַלס יידן, זיך באַטייליקן אַקטיוו אינעם אַלוועלטלעכן אַנטי־פאַשיסטישן פראָנט, אָדער יידן דאַרפן זיך האַלטן פון דערוויייטן? דאַרפן יידן, אַלס יידן, געבן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד די נאַציס, אָדער יידן דאַרפן זיין שטילער פון וואַסער און נידעריקער פון גראָז?

צוזאַמען מיט פיל אַנדערע יידן אין געטאָ פון מדינת „טאָמאַניאַ״ גע־פינען זיך אויך די פאָלגנדיקע הויפּט־פיגורן: דער יידישער פריזירער, געשפּילט פון טשאַרלי טשאַפּלין; דאָס יידישע מיידל האַנאַ, געשפּילט פון פּאָולעט גאָדאַרט, און דער עלטערער ייד דזשעקל, געשפּילט פון מאָריס מאָסקאָוויטש.

דער יידישער פריזירער, אַ וועטעראַן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז גרייט צום קאַמף קעגן נאַציזם. ער געפינט אַ שותף, איינעם אַ שולטץ, וועלכער איז אַנטוישט אין דעם „גרויסן דיקטאַטאָר״. די אַנטשלאָסנקייט פון דעם יידישן מלחמה־וועטעראַן שטויסט זיך אָבער אָן אין דעם פּעסימיזם פון די געטאָ־איינוואוינער, אין זייער אַפּגעלאָזטקייט און מורא צו מישן זיך.

האַנאַ איז בראַוו. אין אַ געוויסן מאָמענט רופט זי אויס: „מיר דאַרפן אַלע צוזאַמען שלאָגן צוריק. אַליין קענען מיר ניט געווינען. צוזאַמען קענען מיר זיגן״.

איר בראַווקייט, איר געזונטע קאָמפּסלוסטיקייט, איר גרייטקייט פאַר קרבנות, ווערט אָבער אויסגעוועפּט ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, דורך ספקות, דורך יאוש, דורך אומרייפע געדאַנקען און שטימונגען.

„ס׳איז ניט יושרדיק אויפצורייסן אַ פּאַלאַץ (פון „גרויסן דיקטאַטאָר״) און אומברענגען מענטשן. מיר האָבן אָן דעם אויך גענוג צרות״, מורמלט האַנאַ אין דעם אַנטשיידנדיקן מאָמענט.

אין איר מוח פאַרבלאָנדזשעט און עגבערט אַ געפערלעכער געדאַנק וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ „גוטן פאַשיזם״, אַ פאַשיזם אָן יידן־האַס, אָן פּאָגראָמען אויף יידן, אָן יידן־פּייניקונגען.

„וואָלט דען ניט געווען וואונדערבאַר, ווען מען לאָזט אונדז צורו? ווען מיר וואָלטן ניט געדאַרפט פאָרן אין אַן אַנדער לאַנד? ווען מען וואָלט אונדז געלאָזט לעבן און ווידעראַמאָל זיין גליקלעך?״ — פרעגט זי זיך און אירע נאָענטסטע אין געטאָ.

דער שעדלעכער געדאַנקען־גאַנג פירט האַנאַן צום שלוס:

„מיר, יידן, דאַרפן זיך ניט מישן אין אַזעלכע זאַכן...״ (קאַמף קעגן נאַציזם).

ניט באַווירקט פון אַזאַ מין שעדלעכער איינשטעלונג איז דער עלטערער ייד דזשעקל. ניט בלויז איז ער גרייט פרייוויליק איינצושטעלן זיין לעבן אין קאַמף און אויפרייסן דעם פּאַלאַץ פון דעם „גרויסן דיקטאַטאָר״, נאָר ער איז אויך פאַר דעם, אַז די יידן זאָלן געבן אַ ווידערשטאַנד די נאַציס. ער איז אַנטשלאָסן, באַוואוסטזיניק, קאָמפּסלוסטיק.

„פאַרהאַקט די טירן. מיר דאַרפן געבן אַ ווידערשטאַנד. בעסער דער טויט איידער אַזאַ לעבן״, רופט אויס דזשעקל אין צייט פון פּאָגראָם אין געטאָ.

אין דעם גייסט האָט דאָך עקזיסטירט און געקעמפט די גאַנצע אונטער־ערדישע באַוועגונג אין דער אָקופּירטער אייראָפּע; אין דעם גייסט איז דאָך דורכגעפירט געוואָרן דער העלדישער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

„מיר דאַרפן געבן אַ ווידערשטאַנד!״.

טשאַפּלין האָט קינסטלעריש אַנטוויקלט אינעם פילם אָט־די טעמע. ער האָט קינסטלעריש געלייזט דעם שאַרפן וויכוח אין געטאָ. דזשעקלס געזונטע איינשטעלונג קריגט די איבערהאַנט ביי די יידן אין געטאָ. אויך די צווייפלענדיקע האַנאַ ווערט באַווירקט און גיט אַ ווידערשטאַנד.

דער יידישער מלחמה־וועטעראַן אינעם פילם גייט אין דזשעקלס וועגן. ער נעמט אָנטייל אין די צוגרייטונגען. ער אָרגאַניזירט אין געטאָ דעם ווידער־שטאַנד קעגן די נאַציס, און רופט די גאַנצע וועלט צום ווידערשטאַנד קעגן פאַשיזם אומעטום.



טשאַרלי באַזיגט דעם האַרצלאָזן גיבור און העלפט אַרויס דערמיט דער אָרעמשאַפט אין „גאַס פון אַ לייכט לעבן" (יאַנואַר, 1917).

אין יענער צייט איז טשאַפּלין געווען דער ערשטער האָליוואוד־קינסט־לער צו דיסקוטירן אַ ריין־יידישע פּראָבלעם אין אַ פילם. טשאַפּלין איז אויך געווען דער ערשטער האָליוואוד־קינסטלער אָפּצואוואַרפן, דורך זיין שאַפונג, די העסלעכע געשטאַלט פון דעם „פילם־ייד", וועמענס הויפּט־אייגנשאַפטן זיינען געווען: דורשט נאָך מאַכט, געיעג נאָך געלט, גייציקייט.

3.

אין משך פון צענדליקער יאָרן ווערט אין געוויסע קרייזן געפירט אַ היציקער וויכוח איבער דער פראַגע: טשאַרלי טשאַפּלין — יאָ אַ ייד, ניט אַ ייד?

די פראַגע איז לעצטנס געשטעלט געוואָרן פאַר דער עפנטלעכקייט בעת טשאַפּלין איז אָנגעקומען אין האַרבסט 1952 אין לאָנדאָן, נאָכדעם ווי די מעקאַרטי־לייט אין דער אָפיציעלער רעגירונגס־משפחה אין וואַשינגטאָן האָבן אים ממש פאַרטריבן פון אַמעריקע.

אויף אַ פּרעסע־אויפנאַמע אין סאַוואָי־האָטעל אין לאָנדאָן האָט דער רעפּאָרטער פונעם וואָכנבלאַט „דזשואיש קראָניקל״ געשטעלט טשאַפּלינען די פראַגע: „זייט איר פון יידישן אָפּשטאַם?״

דער רעפּאָרטער האָט דאַן באַריכטעט, אַז טשאַפּלין „האָט סאַרקאַסטיש זיך צעשמייכלט. ער האָט ניט געגעבן קיין דירעקטן ענטפער. דער תמצית פון דעם, וואָס טשאַפּלין האָט געזאָגט, איז געווען, אַז לויט זיין מיינונג דאַרף מען ניט לייגן צופיל געוויכט אויף דעם אָפּשטאַם פון מענטשן. דער עיקר זיינען זיינע מעשים און זיין כאַראַקטער״ („לאָנדאָן דזשואיש קראָניקל״, סעפּטעמבער 26, 1952).

דערזעלבער רעפּאָרטער דערציילט נאָך ווייטער, אַז טשאַפּלין האָט פּאַקטיש אים געגעבן אַן עצה זיך מטריח צו זיין און אַריבערכאַפּן זיך אין לאַמבעט געגנט אין לאָנדאָן און פעסטשטעלן — אויב דאָס גייט אים אַזוי שטאַרק אין לעבן — זיין אָפּשטאַם, לויט די אָפיציעלע געבורט־דאָקומענטן.

אַנשטאָט אָבער צו גריבלען זיך אין געבורט־דאָקומענטן, איז דער רעפּאָרטער אַרויסגעקומען מיט דער סענסאַציע, אַז לויט אַ געשפּרעך צווישן טשאַפּלינען און אַ זשורנאַליסט אויף דער שיף „קווין עליזאַבעט״, וואָס האָט אים געבראַכט קיין ענגלאַנד, האָט טשאַפּלין צוגעגעבן, אַז „ער איז אַ האַלבער ייד״.

אויפפאַלנדיק ביז גאָר איז דער פאַקט, וואָס די פראַגע וועגן טשאַפּלינס יידישקייט ווערט כסדר פאַרגעבראַכט דורך געוויסע קרייזן פאַר דער עפנט־לעכקייט דווקא אין יענע מאָמענטן, ווען טשאַפּלינס קאַריערע אַלס קינסטלער שטייט אין קאָן. די פראַגע איז אויפגעשוואומען אין געוויסע צייטונגען אין 1921, ווען טשאַפּלין האָט זיך פאַרטשעפּעט מיט דער קירך דורך זיין פילם „דאָס קינד״ און האָט אויך געמאָלדן, אַז „לענין איז אַן אויסערגעוויינלעכער מענטש... ווייל ער דריקט אויס אַ נייע אידייע״.

אין 1940 האָבן געוויסע קרייזן אין אַמעריקע און אין אויסלאַנד שאַרף קריטיקירט טשאַפּלינען צוליב זיין אַנטי־נאַצי פילם „דער גרויסער דיק־טאַטאָר״ און טשאַפּלינען איז ווידעראַמאָל אויסגעקומען צו ריידן מיט צייטונגס־לייט וועגן זיין „יידישן אָפּשטאַם״.

טשאַפּלין האָט גערעדט וועגן זיין יחוס אויך אין 1947, ווען ער איז שטאַרק פאַרפאָלגט געוואָרן דורך די לייט פון דער „קאַלטער מלחמה״ צוליב זיין אַקטיוון אָנטייל אין צייט פון דער מלחמה אין דער קאַמפּאַניע פאַרן צווייטן פראָנט און צוליב זיין נייסטן אַנטי־מלחמה פילם „מעסיע ווערדו״.

דער איינציקער לאָגישער אויספיר פון דעם פאַקט איז, אַז די רעאַקציאָ־נערע קרייזן, וועלכע זיינען תמיד אָנגעשטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם, האָבן געזוכט צו באַשטעטיקן טשאַפּלינס כלומרשטן „יידישן יחוס״ מיטן צוועק צו פאַרניכטן דעם קינסטלער פון סאָציאַלן פּראָטעסט.

מיט טשאַפּלינס „יידישקייט” האָבן זיך אָבער אויך שטאַרק פאַראינטע־רעסירט קרייזן, וואָס האָבן יאָ געהאַלטן פון דעם פילם־קינסטלער און האָבן זיכער ניט אַרומגעטראָגן זיך מיט בייזע כוונות קעגן אים. אָט־די קרייזן — געוויסע קרייזן אויף דער יידישער גאַס — האָבן גאָר געזוכט צו דערנענטערן טשאַפּלינען טאַקע צוליב זיין „יידישקייט”; האָבן דערקלערט זיין גאונות דורך זיין „יידישקייט” און האָבן אים באַטראַכט אַלס סימבאָל פון דעם „געררודפטן יידן”.

אַזוי איז טשאַרלי טשאַפּלין, „דער ייד”, אַריינגענומען געוואָרן אין דער „יוניווערסאַל דזשואיש ענסאַיקלאָפּידיאַ”, וואָס האָט אים אָפּגעגעבן מער פון אַ זייט טעקסט און האָט נאָך אָפּגעדרוקט אַ גרויס בילד פונעם קינסטלער.

אמת, די גאַנצע אָפּהאַנדלונג וועגן טשאַפּלינען איז געבויט אויף קלאַנגען, השערות, רמזים, שעדלעכע און פאַלשע איינשטעלונגען.

צוערשט קומט די דערקלערונג, אַז „... טשאַפּלין האָט געמאָלדן, אַז ער איז ניט קיין ייד. ס׳זיינען אָבער כסדר פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען וועגן זיין יידישן אָפּשטאַם”.

דאַן קומט די השערה, אַז „... אויב די קלאַנגען וואָלטן געווען ריכטיקע, וואָלט טשאַפּלין צוגעגעבן זיין יידישקייט, ווען ער וואָלט באַרימט געוואָרן שפּעטער, ווי דאָס איז געשען, אָדער אין אַ צייט, ווען אינטערנאַציאָנאַלע אומשטענדן האָבן געגעבן ציוויליזירטע מענטשן אַ נייע אָפּשאַצונג פון אַזאַ ירושה...”

נאָכדעם ווערט געבראַכט אין דער ענציקלאָפּעדיע אַ לאַנגער פּלפּול וועגן דעם נאָמען טשאַפּלין־קאַפּלין און אַ געשיכטע פון אַן אונגאַרישער יידישער צייטונג אין בודאַפּעסט פון יאָר 1931, אַז „טשאַפּלין שטאַמט פון אַ מזרח־אייראָפּעאישער משפּחה מיטן נאָמען טהאָנשטיין...”

אויב דאָס אַלץ איז וויניק צו באַשטעטיקן טשאַפּלינס „יידישקייט”, ברענגט די ענציקלאָפּעדיע אַ ראַסיסטישע טעאָריע וועגן טשאַפּלינס „יידישן פּנים”. די ענציקאָפּעדיע מעלדעט:

„אַ שטודיום פון גילבערט פרענקען, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער „ניו־יאָרק העראָלד טריביון” אין 1931, באַריכטעט: „... זיינע (טשאַפּלינס) אויגן זיינען אין איין און דערזעלבער צייט די גליקלעכסטע, די אומעטיקסטע און די סאַמע אינטעליגענטסטע אויגן, וואָס זיינען ווען־עס־איז אויסגעפורעמט געוואָרן אין אַ יידישן (העבראַיק) פּנים...” (יוניווערסאַיל דזשואיש ענסאַיקלאָפּידיאַ, ניו־יאָרק, 1948, באַנד 3, זייט 113).

אין מדינת־ישראל האָט זיך געפונען אפילו אַ לעבעדיקער עדות צו באַשטעטיקן טשאַפּלינס „יידישקייט”, איינער מיטן נאָמען א. יונקער, פון רחוב עליה, תל אביב.

אין דער תל אביבער צייטונג „די לעצטע נייעס” האָט ער פאַרעפנטלעכט דעם 11טן אָקטאָבער, 1957, אַ לאַנגן בריוו, אין וועלכן ער דערציילט ווי ער, אַן אימיגראַנט פון פּוילן, האָט זיך באַקאַנט מיט טשאַפּלינען, בעת טשאַפּלין האָט געשפּילט אין 1908 אין לאָנדאָן מיט פרעד קאַרנאָס טרופּע.

דער בריוו לייענט זיך טיילווייז: „מיר זיינען געוואָרן גוטע פריינט. טשאַרלי איז מיר מקנא געווען מיין פּאַך (אַלס שילדן־מאַלער) ... מיר פלעגן זיך אין די זונטאָגס באַגעגענען אין ראָטשילד קלוב, וואו מיר פלעגן (בלויז ייִנגלעך) פאַרברענגען די צייט. טשאַרלי פלעגט מיר דערציילן וועגן זיין אָרעמער משפחה, ווען ער פלעגט אַרויסהעלפן מיט זיינע קליינע פּאַר־דינסטן. זיינע עלטערן זיינען געווען אימיגראַנטן פון רוסלאַנד און געהייסן האָבן זיי קאַפּלינסקי — דער טאַטע און די מאַמע ביידע יידן, און זייער זון, טשאַרלי, האָט געלערנט אין אַ תלמוד תורה (אָן געלט), דוכט זיך מיר אין בוטער סטריט"...

דער ייד פון ישראל פאַרענדיקט זיין גבית עדות מיט אַ זיכערקייט:

„אָט דאָס איז דער ריינער אמת וועגן אָפּשטאַם פון דעם גרויסן קינסטלער. זיין פאָטער האָט ניט געביטן זיין נאָמען. ער איז געבליבן קאַפּלינסקי און זיין זונס נאָמען טשאַרלי איז אַ געווי' איבערזעצונג פון קאַפּלאַן — אַ כהן..."

די פראַגע וועגן טשאַפּלינס „יידישקייט" ווערט אויך דערמאָנט בקיצור אין די זכרונות פון דער שוישפּילערין מעי ריוועס, וועלכע איז אין איין צייט געווען באַפריינדעט מיטן קינסטלער. זי גיט איבער דעם פאָלגנדיקן אינ־צידענט:

„איינמאָל ווען מיר האָבן שפּאַצירט, איז צו אונדז צוגעקומען אַן עלטערע פרוי. זי האָט שווער געאָטעמט פון גרויס התפעלות און געפרעגט: „צי איז אמת, מר. טשאַפּלין, אַז איר זייט אַ ייד?". „יאָ, מאַדאַם", האָט טשאַפּלין גע־ענטפערט.

די שוישפּילערין ריוועס דערציילט ווייטער: „איך בין געווען איבער־ראַשט פון זיין ענטפער און איך האָב אים שפּעטער געשטעלט די פראַגע: „דו זאָגסט דאָך, אַז דו ביסט ניט קיין ייד, טשאַרלי. פאַרוואָס־זשע האָסטו איצט געזאָגט דעם היפוך דערפון? טשאַפּלין האָט מיר אָפּגעענטפערט: „איך האָב ניט געוואָלט פאַראורזאַכן ווייטאָג דער אַלטער פרוי. ס'האָט אויס־געזען, ווי איר גאַנץ לעבן איז אָפּהענגיק אין מיין ענטפער..."

טשאַפּלינס פאָטער איז געשטאָרבן אין 1894. טשאַרלי איז דאַן געווען פינף יאָר אַלט. אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז זיין מוטער, האַנאַ, ערנסט קראַנק געוואָרן און זי איז אָוועקגענומען געוואָרן אויף אַ לענגערער צייט אין אַ שפּיטאָל. די שטאָט־טאַטעס פון לאָנדאָן האָבן אַריינגעגעבן ביידע יונגע יתומים, טשאַרלין און זיין שטיף־ברודער סידני, אין אַ צדקה־אַנשטאַלט פאַר הײמלאָזע קינדער. אין די רעגיסטראַציע־ביכער פונעם אַנשטאַלט איז פאַר־צייכנט:

„טשאַפּלין, סידני דזשאָן, 11יאָר אַלט, פּראָטעסטאַנט. איז אַריינגענומען געוואָרן אין שול דעם 18טן יוני, 1896. האָט פאַרלאָזט די שול דעם 18טן נאָוועמבער, 1896, און אָנגעשלאָסן זיך אין דער מאַנשאַפט פון דער לערן־שיף „עקסמוט".

„טשאַפּלין, טשאַרלס, זיבן יאָר אַלט, פּראָטעסטאַנט, איז אַריינגענומען געוואָרן אין שול דעם 18טן יוני ,1896. האָט זיך אומגעקערט צו זיין מוטער דעם 18טן יאַנואַר, 1898."

.4

אין דעם טראַגישן מאָמענט, ווען דאָס לעבן פון דער מענטשהייט, און במילא אויך פונעם יידישן פאָלק, איז געשטאַנען אין קאָן, אין אַפּריל, 1944, איז אין דעם ערנסטן אַמעריקאַנער זשורנאַל „דזשואיש סאָשל סטאָדיס״ (יידישע סאָציאַלע פאָרשונגען) דערשינען אַ טשיקאַווע אָפּהאַנדלונג אונטערן נאָמען: „דזשו עז פּאַריאַ — עי הידען טראַדישאָן״ (דער ייד אַלס פּאַראַכ־טעטער — אַ פאַרבאַהאַלטענע טראַדיציע).

די שרייבערין פון דער לאַנגער אָפּהאַנדלונג אויף דער טעמע, האַנאַ אַבענדט, האָט איינגעטיילט איר אַרבעט אין די פאָלגנדיקע פיר חלקים:

1. היינריך היינע — „דער שלומיאל און האַר פון טרוימען״.
2. בערנאַר לאַזאַר — „דער באַוואוסטזיניק־פאַראַכטעטער״.
3. פראַנץ קאַפקאַ — „דער מענטש פון גוטן ווילן״, און
4. טשאַרלי טשאַפּלין — „דער פאַרדעכטיקטער.״

די שרייבערין האָט אויסגעקליבן פיר באַרימטע פּערזענלעכקייטן אין פיר פאַרשיידענע לענדער — דייטשלאַנד, פראַנקרייך, עסטרייך און אַמעריקע — האָט פאָרגעשטעלט די פיר, צווישן זיי אויך טשאַפּלינען, אַלס מוסטער־יידן, און דורך די פיר טיפּן אַרויסגעבראַכט דעם פאָלגנדיקן פאַרנעפּלטן געדאַנק:

בדרך כלל רעפּרעזענטירט דער ייד אין דער אַרומיקער ניט־יידישער סביבה דעם „מענטשן פון גוטן ווילן״. ניט־געקוקט אָבער אויף דעם, ווערט דער ייד, אין אָט־דער סביבה, באַטראַכט אַלס „דער פאַרדעכטיקטער״. דער ייד קאָן דערגרייכן צו דער מדרגה פון „שלומיאל און האַר פון טרוימען״. דער ייד, וואָס וויל שלום מאַכן מיט זיין גורל, איז „דער באַוואוסטזיניק־פאַר־אַכטעטער״.

דורך אָט־דעם פּלפּול קומט די שרייבערין צום אויספיר:

„אין טשאַפּלינען האָט דאָס סאַמע אומפּאָפּולערסטע פאָלק אין דער וועלט אינספּירירט די סאַמע פּאָפּולערסטע פיגור אין די היינטיקע צייטן... אין די אויגן פון דער געזעלשאַפט איז דער טיפּ, וואָס טשאַפּלין שטעלט־פאָר, שטענדיק גרינטלעך פאַרדעכטיקט... טשאַפּלינס יידישע קינדהייט האָט אים געלערנט די טראַדיציאָנעלע יידישע שרעק פאַרן פאָליסמאַן — די אויגנשיינלעכע פאַרקערפּערונג פון אַ פיינטלעכער וועלט. אין דערזעלבער צייט האָט זי (טשאַפּלינס יידישע קינדהייט) אים אויסגעלערנט דעם אור־אַלטן יידישן אמת, אַז... די מענטשלעכע שאַרפזיניקייט פון אַ דודן קאָן אַמאָל אַריבערשטייגן די חיהשע קראַפט פון אַ גליתן...״. („דזשואיש סאָשל סטאָדיס״, ניו־יאָרק, אַפּריל 1944).

דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלץ. די שרייבערין פאַרלירט דאָן אַ פּאָר ווער־טער וועגן דער „חוצפה״ פון טשאַפּלינס העלד און זי זאָגט:

„... זי („די חוצפה פון טשאַפּלינס העלד״) איז פול מיט זאָרג פון דעם מין, וואָס איז באַוואוסט צו דורות יידן; די פרעכקייט פון דעם אָרעמען „קליין יידעלע״, וועלכער אַנערקענט ניט די קלאַסן־אָרדענונג פון דער וועלט,

ווייל ער זעט ניט אין איר — ניט קיין אָרדענונג און ניט קיין יושר פאַר זיך..."

טשאַרלי טשאַפּלין און זיין העלד זיינען, לויט אָט־דעם דרייען מיטן פינגער, די פּערזאָניפיקאַציע פון דעם „אתה בחרתנו׳איזם"...

לויט דערזעלבער לאָגיק פון דער שרייבערין איז פאַר טשאַרלי טשאַפּלין „דעם יידן", ווי בכלל פאַר יעדן אַנדער „פאַרדעכטיקטן יידן", ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג צו דערלייזן זיך פון דער פיינטלעכער סביבה, ווי קיבוץ גלויות.

זוכנדיק ווייטער צו באַגרינדן די איינשטעלונג, אַז טשאַפּלין מוז לויט זיין גאַנצן מהות זיין אַ ייד, ווערט אין געוויסע קרייזן אַרויסגעהויבן, און זייער ערנסט אויך, דער געדאַנק, אַז טשאַפּלין דאַרף באַטראַכט ווערן ווי דער מאָדערנער משה רבינו פונעם וועלט־יידנטום, ווי דער אמתער משיח פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

אין ערנסטע צייטונג אין ישראל שרייבט מיט גרויס התפעלות:

„דער פראַנצויזישער שרייבער אַלעקסאַנדער אַרנאָ האָט גוט פאָרמולירט די דאָזיקע פראַגע — וועגן טשאַפּלינס יידישקייט — פון איר וועזנטלעכן שטאַנדפּונקט: עס זיינען פאַראַן אייניקע, וואָס ענטפערן פּאָזיטיוו אויף דער דאָזיקער פראַגע און געפינען אפילו אַ באַשטימטע שייכות צווישן טשאַפּלינס שטעקן און דעם שטעקן פון משה רבינו און אהרון. עס זיינען אויך פאַראַן אייניקע, וואָס ווילן זען אין טשאַפּלינס היטל, וועלכן ער נעמט קיינמאָל ניט אַרונטער פון קאָפּ, אַן אָנטפּלעקונג פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער יאַר־מולקע. זיין איראָניע איז אַ ביטערע, זיין שליחות ווערט תמיד פאַרלייקנט. פילמס, איינגעשלאָסן קלאַנג־פילמס, זיינען לויט מיין מיינונג, אַ יידישע קונסט. דאָס איז דער גרויסער רעוואָלט פון יידן קעגן זייער גאָט, וואָס האָט זיי פאַר־באָטן צו מאַכן וועלכע־עס־איז סקולפּטור און מאָלערישע געשטאַלט. דאָס איז דער אָפּצאָל פון מענטשן, וועלכע זיינען אין משך פון פיל יאָרן באַרויבט געוואָרן פון דער פּריווילעגיע הנאה צו האָבן פון דעם, וואָס זייערע אויגן זעען..." („על המשמר", תל אביב, 24 אָקטאָבער, 1952).

אין קורצן, טשאַרלי טשאַפּלין און זיין העלד שטעלן מיט זיך פאַר, אויב מען זאָל נעמען ערנסט די זייער ערנסטע רייד, — ניט אַנדערש ווי די כנסת ישראל...

טשאַפּלינס „יידישקייט" איז אין די לעצטע יאָרן אויך אויסגענוצט געוואָרן פון יענע, וועלכע האַלטן זיך אין דער פאַלשער טעאָריע, אַז פּראָגרעס מיינט אַסימילאַציע, ספּעציעל פאַרן יידישן פאָלק, און אַז סאָציאַליזם דאַרף אונטער־איילן דעם דאָזיקן אַסימילאַציע־פּראָצעס.

אַזוי האָט איננאַ קאָלאַקאָווסקאַיאַ, וויצע־פאָרזיצערין פון דער ברי־טישער אָפּטיילונג פון „וואָקס" (געזעלשאַפט אין מאָסקווע פאַר קולטור־באַ־ציאונגען מיט אויסלאַנד) געענטפערט דעם 20טן דעצעמבער, 1956, אויף אַן אָנפראַגע פון דעם פּראָגרעסיוון יידישן צענטער אין מעלבורן, אויסטראַליע, וועגן דעם צושטאַנד פון דער יידישער קולטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. זי האָט, צווישן אַנדערן אויך אונטערגעשטראָכן:

„...ווער טראַכט וועגן טשאַפּלינען ווי אַ ייד, הגם ער איז עס. זיינען דען נישט זיינע פילמס באַרימט און ווערט דען ניט זיין שאַפן באַוואונדערט דורך דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, ווי אַלגעמיינע קולטור־ווערטן? דאָס איז אַ רעזולטאַט פון דעם זעלבן אַסימילאַציע־פּראָצעס, וואָס איז אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט...״ („מאָרגן פרייהייט״, יולי 21, 1957).

דער גרויסער וויכוח אַרום טשאַפּלינס „יידישן יחוס״, אַ דיסקוסיע, וואָס ווערט געפירט אָן אויפהער, זייער ערנסט און אָפטמאָל זייער שאַרף, פאַרמאָגט אָבער דעם הויפּט־שטריך פון טשאַפּלינס שאַפונגען: טראַגי־קאָמיזם. די אָנטיילנעמער אין דעם וויכוח האָבן אין זייערע לאַנגע חקירות און פּלפּולים ניט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן אינטערעס צום סאַמע תוך פונעם קינסטלערס שאַפונגס־פּראָצעס: קולטור־ירושה. אַלע צדדים אין דער דיסקוסיע האָבן זיך בלויז אונטערנומען צו באַווייזן, אַז טשאַפּלין איז אַ ייד און דורכדעם — דורך פאַרוואַנדלען טשאַפּלינען אין אַ באַשטימטן סימבאָל — באַשטעטיקן געוויסע פּאָליטישע איינשטעלונגען. אַלע אָנטיילנעמער אין דעם גרויסן וויכוח האָבן אינגאַנצן פאַרקוקט די לאָגישע קולטור־פראַגע, וואָס דרינגט־אַרויס פון זייערע כלומרשטע פעסטשטעלונגען: אויב טשאַפּלין איז יאָ אַ ייד — ווי זיי באַהויפּטן — איז וועלכע־זשע גייסטיקע אוצרות פון דער קולטור־ירושה פון זיין אייגן פאָלק — אַ קולטור־ירושה, וואָס הויבט זיך אָן מיט „בראשית״ פון עטלעכע טויזנט יאָר צוריק און פאַרענדיקט זיך מיט די קלאַסיקער און די פּאָרזעצער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור און קונסט — האָבן באַווירקט און באַרייכערט דעם פילם־גאון פון אונדזער צייט?

דער אַמעריקאַנער יידישער זשורנאַליסט און מוזיקער מ. ירדני ווייזט־אָן, אַז די פאַרשפּיצטע און דויערנדיקע חקירות אַרום טשאַפּלינס יחוס איז אינגאַנצן ניט צום האַרצן דעם פילם־קינסטלער. אין אַ לאַנגער באַשרייבונג אונטערן נאָמען: „אַ דערמאָנונג פון אַ באַזוך ביי טשאַרלי טשאַפּלין״ („די שטימע״, מעקסיקע סיטי, מאַי 15 און מאַי 22, 1954) שטרייכט אונטער מ. ירדני: „פון די אַלע רייד און שמועסן אויף מיין צווייטן באַזוך ביי טשאַפּלינען איז מיר קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס ער, טשאַפּלין, אויף דער פראַגע: „צי ער איז אַ ייד אָדער ניין? — האָט אַלעמאָל איין ענטפער: „איך בין אַ מענטש!״.

מ. ירדני ווייזט נאָך ווייטער אָן: „די סיבה פאַרוואָס ער איז קיינמאָל נישט אַרויסגעקומען מיט קיין קלאָרן ענטפער „יאָ אָדער ניין״ האָט דורכ־אויס צו טאָן מיט טשאַפּלינס אייגנאַרטיקן קוק אויף דער וועלט, אויפן לעבן און אויף זאַכן בכלל״. אין צענטער פון דער וועלט, ווי פונעם לעבן בכלל, האַלט טשאַפּלין, — דאַרף שטיין דער מענטש! דער מענטש איז העכער איבער אַלץ, איבער אַלעמען״.

טשאַפּלין האַלט, שרייבט מ. ירדני, אַז מיר לעבן אין אַ צייט, ווען נאַציאָנאַליזם ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן ענגהאַרציקן שאָוויניזם און דעריבער האָט ער, טשאַפּלין, „אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז ער געהערט נאָר צו איין פאָלק — מענטש״.

מ. ירדני פאַרענדיקט דעם טייל פון דער באַשרייבונג מיט דער דער־קלערונג: „דאָס איז אַ שטאַנדפּונקט, וואָס איינער קען אים אָננעמען און אַ

צווייטער ניט, אָבער מ׳קען עס בשום אופן ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט״.

אַלע צדדים אין דעם וויכוח אַרום טשאַפּלינס יידישקייט האָבן צוליב זייערע ענג־פּאָליטישע מאָטיוון ניט געמאַכט קיין פּאַרזוך צו אונטערשטרייכן טשאַפּלינס פּאָזיטיווע באַציאונג צו די שעפערישע קונסט־עלעמענטן פון יעדן פאָלק.

.5

האָליוואוד, פרילינג 1934, פיר אַזייגער פאַרטאָג.

פרימאָרגן־ליכט הויבט זיך אָן אויסצושפּרייטן איבער די פאַרשלאָפענע בולוואַרן פון דער שטאָט פון ליכט און שאָטנס.

אַ האַרציקער געלעכטער און הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן רייסן פּלוצים איבער די שטילקייט פון די פרימאָרגן־שעה׳ן אין האָליוואוד.

עטלעכע־און־דרייסיק יידישע שוישפּילער האָבן נאָר־וואָס פאַרלאָזט אַ קאַפע־הויז אין האָליוואוד און זיך געגומען געזעגענען זיך מיט זייער נייסטן פריינט, טשאַרלי טשאַפּלין.

דער יידישער קונסט־טעאַטער אָנגעפירט פון מאָריס שוואַרץ, איז גע־קומען פון ניו־יאָרק קיין לאָס־אַנדזשעלעס שפּילן אין יידיש י. י. זינגערס „יאָשע קאַלב״. טשאַפּלין איז געקומען פון דער דערבייאיקער האָליוואוד קיין לאָס אַנדזשעלעס צו באַקענען זיך מיט אַ מאָדערנער יידישער פּיעסע, אויפגעפירט דורך דעם מאָדערנעם יידישן טעאַטער.

פיר שעה צייט האָבן די שוישפּילער פונעם יידישן קונסט־טעאַטער פאַרבראַכט אין אַ קאַפע־הויז אין האָליוואוד מיט טשאַפּלינען אַלס זיינע געסט. די צייט איז געלאָפן בליץ־שנעל. ס׳איז געקומען דער מאָמענט פון געזעגענען זיך. טשאַפּלין דריקט וואַרעם די האַנט פון יעדן שוישפּילער. יעדן איינעם באַדאַנקט ער פאַר דער פאָרשטעלונג. ער כאַפּט זיך אַרום מיט יעדן איינעם פון זיי. מען קושט זיך, מען האַלדזט זיך, ווי אַלטע גוטע און געטרייע פריינט.

פינף־און־צוואַנציק יאָר זיינען פאַראיבער זינט יענעם פרימאָרגן אין האָליוואוד. מאָריס שוואַרץ געדענקט אָבער אויך אין 1959 טשאַפּלינס ווערטער פון דער בינע, נאָך דער פאָרשטעלונג פון „יאָשע קאַלב״ אין לאָס אַנדזשעלעס:

„איך פיל זיך גוט צווישן אייך. דער יידישער קונסט־טעאַטער האָט באַרייכערט מיין לעבן. איר זייט אומגעהויער אינטערעסאַנט.״

אַ מידער און ניט־קיין־אויסגעשלאָפענער איז מאָריס שוואַרץ געקומען יענעם פרימאָרגן צו זיך אין צימער אין לאָס אַנדזשעלעס. ער האָט זיך באַלד גענומען צו דער פען. מאָריס שוואַרץ, דער דירעקטאָר פונעם יידישן קונסט־טעאַטער, האָט מיט גרויס התפעלות געשריבן אַ לענגערן בריוו צום רעדאַקטאָר פון די „ליטעראַרישע בלעטער״ אין וואַרשע, נחמן מייזיל:

„טשאַפּלין איז געקומען זען „יאָשע קאַלב״ אין לאָס אַנדזשעלעס, די שטאָט, וואו אַלע זוכן אים און קענען אים ניט געפינען״.

טשאַפּלין האָט שוין דאַן געאַרבעט אויף זיין נייסטן פילם „מאָדערנע צייטן״. ווי זיין שטייגער איז, האָט טשאַפּלין אין פרילינג 1934 זיך אויס־

באַהאַלטן אפילו פון זיינע נאָענטסטע פריינט, כדי ניט געשטערט צו ווערן אין זיין אַרבעט. דריי מאָל האָט אָבער טשאַפּלין באַזוכט די פאָרשטעלונגען פון „יאָשע קאַלב", און שוואַרץ האָט אין זיין בריוו קיין וואַרשע באַריכטעט:

„נאָך דעם ערשטן טייל פון „יאָשע קאַלב" האָט טשאַפּלין מיר געלאָזט וויסן דורך אונדזער פריינט, אליהו טענענהאָלץ, דער יידישער פילם־אַקטיאָר, אַז ניט נאָר פילט ער מיט זיין גאַנצער נשמה דעם ספּעקטאַקל, נאָר ער פאַר־שטייט אים דורך און דורך" („ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, יולי 8, 1934).



טשאַרלי טשאַפּלין (אינמיטן) מיט די שוישפּילער פונעם יידישן קונסט־טעאַטער ביי אַ פאָרשטעלונג פון „יאָשע קאַלב" אין לאָס אַנדזשעלעס, 1934. צווישן די שוישפּילער געפינען זיך: מאָריס שוואַרץ און חנה אַפּעל. עס שטייען: איזידאָר קעשיר (דער צווייטער), לאַזאַר פריד און יוליוס אַדלער.

מאָריס שוואַרץ דערציילט ווייטער וועגן דער ערשטער באַגעגעניש צווישן די שוישפּילער פונעם יידישן קונסט־טעאַטער און טשאַרלי טשאַפּלין:

„נאָך דער פאָרשטעלונג איז טשאַפּלין אַרויפגעקומען אויף דער בינע צו באַגריסן די טרופּע און צו באַקענען זיך מיט אונדז. ער האָט ניט געוואָרט, אַז די שוישפּילער זאָלן צוקומען צו אים באַגריסן. ער איז צוגעלאָפן און זיך אַרומגעכאַפּט מיט יעדן שוישפּילער, ווי איינער, וועלכער האָט געוואָרט זיין גאַנץ לעבן אויף דער גליקלעכער געלעגנהייט... איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען די שוישפּילער אין אַזאַ יום־טובדיקער שטימונג. דאָס בילד איז באמת געווען גראַנדיעז. אַלע שוישפּילער אין זייערע קאָסטיומען, קאַפּאָטעס,

שטריימלען, אין אַ געמיש פון אַלערליי בערד, ווייסע, גרויע, שוואַרצע רויטע — טשאַרלי צווישן אונדז״.

אין מוח און אין האַרצן פון יעדן שוישפּילער פונעם יידישן קונסט־טעאַטער האָט זיך איינגעקריצט אין יענעם מאָמענט די רירנדיקע סצענע:

„ביי טשאַרלין אין די אויגן פינקלט אַ טרער. ער איז באַגייסטערט און זוכט ווערטער צו קענען אויסדריקן זיין אינערלעכע פרייד און ער געפינט זיי ענדלעך. די ווערטער הויבן־אָן שטראָמען ווי פון אַ קוואַל: „חברים־קינסטלער. דער היינטיקער אָוונט איז פאַר מיר אַ גרויסער געווינס פאַר מיינע וויטערדיקע אַרבעטן... איר האָט ביי מיר אַרויסגערופן די טיפסטע געפילן, אַזוי, אַז איך בין היינט אָוונט אַ גייסטיק־דערפרישטער...״

מאָריס שוואַרץ גיט דערביי צו, אַז דאָס איז געווען די ערשטע באַקאַנט־שאַפט פון טשאַפּלינען מיט דער יידישער קולטור, מיט דער יידישער בינע־קונסט.

ווען אין טעאַטער אין לאָס אַנדזשעלעס האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט דער דונער פון אַפּלאָדיסמענטן, האָט שוואַרץ אַ פרעג געטאָן, מיט אַ געפיל פון אומזיכערהייט, צי ער, טשאַפּלין, וואָלט געוואָלט אָנטאָן כבוד דעם יידישן קונסט־טעאַטער און זיך פאָטאָגראַפירן מיט די שוישפּילער. טשאַפּלין האָט אָפּגעענטפערט, דערציילט שוואַרץ, אַז דאָס וואָלט גאָר געווען אַ כבוד פאַר אים אַליין.

אויף מאָרגן, צו דער מינוט אין דער אָפּגערעדטער צייט, 11.15 אין אָוונט, נאָך דער פאָרשטעלונג, האָט דער שטאַרק־פאַרנומענער טשאַפּלין ווידעראַמאָל זיך באַוויזן אין טעאַטער צווישן די שוישפּילער, און דער פאָטאָ־גראַפער האָט גענומען עטלעכע צענדליק גרופּע־בילדער פון אַלעמען — טשאַפּלין איז געווען יענעם אָוונט אין אַ געהויבענער שטימונג...

נאָכדעם איז די גאַנצע טרופּע פונעם יידישן קונסט־טעאַטער, אָנגעפירט פון טשאַפּלינען און מאָריס שוואַרצן, אַוועק קיין האָליוואוד אין קאַפע־הויז.

אַ צווייטער מיטגליד פונעם יידישן קונסט־טעאַטער, יוליוס אַדלער, וועלכער האָט געשפּילט אין „יאָשע קאַלב״ די ראָל פון שכנא דיין, האָט יענעם פרימאָרגן זיך אונטערגעגאַרטלט אין דער זוניקער קאַליפאָרניע, און אויך געשריבן אַ ידידי־בריוועלע צו נחמן מייזילן אין וואַרשע:

„טשאַפּלין האָט אונדז אַלעמען פאַרכשופט מיט זיין שמייכל און מיט זיין אויסזען... ער האָט אויסגעדריקט זיין באַגייסטערונג פאַר דער אויפפירונג פון „יאָשע קאַלב״, אָבער אויף אַזאַ פשוטן אופן, אַזוי ניט געקינצלט, ווי נאָר טשאַפּלין קען, ווען ער וויל... איצט, זיצנדיק ביים טיש אין קאַפע־הויז, האָב איך — און אַלע מיט מיר — ערשט הנאה געהאַט פון טשאַפּלינען... ווען ער רעדט, באַוועגט ער זיך זייער שטאַרק... זיינע דערקלערונגען גיט טשאַפּלין אָבער ניט נאָר מיט ווערטער, נאָר מיט זשעסטן און מיט פיגורן און בילדער...״

ויהי כטוב לב טשאַפּלין, מאָריס שוואַרץ און די אַנדערע שוישפּילער פונעם יידישן קונסט־טעאַטער ביין, האָט מען זיך צעזונגען יענעם אָוונט

אין קאַפע־הויז אין האָליוואוד אויף די פאַרשיידנסטע שפּראַכן. טשאַפּלין אַליין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער מסיבה פון די יידישע שוישפּילער אין אַ „מעין המתגבר". ער האָט דערציילט, הויפּטזעכלעך אין זיין רייכער פאַנטאָמימע־שפּראַך, איין געשיכטע נאָך דער צווייטער. ער האָט דערציילט וועגן זיינע צוויי רייזעס איבער אייראָפּע, וועגן זיין נסיעה קיין יאַפּאַן. אין איין רגע האָט דער עולם זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער. באַלד אָבער זיינען די אָנוועזנדיקע באַהערשט געוואָרן פון דעם טשאַפּלין־פּאַטאָס. טשאַפּלין האָט געשילדערט זיינע ניין מאַמעס און די 671 קרובים, וועלכע האָבן זיך פּלוצים אָפּגעזוכט אויף זיין ערשטן באַזוך אין לאָנדאָן אין 1921.

יוליוס אַדלער האָט פאַרגעזעצט זיין בריוו צו די „ליטעראַרישע בלעטער":

„טשאַפּלין האָט דערציילט ווי אַזוי מ'האָט אים אויפגענומען אין יאַפּאַן, וואו אַ פּופּציק־טויזנט־קעפּיקע מאַסע האָט אים באַגריסט און ווי יעדער איינער פון דער מאַסע האָט זיך געריסן אים אָנצורירן. טשאַפּלין האָט פאַר אונדז דעמאָנסטרירט, ווי מ'האָט זיך געריסן פאַר די אויערן, פאַר דער נאָז — און מיר האָבן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער. דאָס אַלץ האָט ער ניט נאָר דערציילט, נאָר דעמאָנסטרירט. אַזוי דערציילן קען נאָר טשאַרלי טשאַפּלין. ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז ער זיצט אין אַן ערשט־קלאַסיקן רעס־טאָראַן. ער האָט פאַר אונדז געשפּילט טשאַרלי טשאַפּלין, אַזוי ווי מיר וואָלטן געזעסן אין טעאַטער און ער וואָלט געווען אויפן לייוונט".

די פיר שעה אין קאַפע־הויז אין האָליוואוד מיט טשאַפּלינען זיינען שנעל פאַריבער. דער עולם האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין דער שטילער גאַס. מען האָט זיך געזעגנט געזעגנען מיט טשאַפּלינען.

יוליוס אַדלער דערציילט ווייטער:

„אויף דער גאַס האָט טשאַפּלין אונדז דערציילט נאָך אַן עפּיזאָד, פון וועלכן מיר האָבן זיך געקייכט פון געלעכטער... און ווען ער האָט דער־ציילט פון דער פּופּציק־טויזנט־קעפּיקער מאַסע, האָט איר ניט געזען טשאַפּ־לינען, נאָר די פּופּציק טויזנט מענטשן מיט פאַרשיידענע אויסגעשרייען פון אַלטע מענער, יונגע מיידלעך, אַלטע פרויען און קליינע קינדער, מיט זייערע פאַרשיידענע שטימען, באַוועגונגען און געוואוינהייטן".

פרימאָרגן־שטראַלן האָבן אָנגעפּילט דאָס צימער און באַשיינט דעם מידן פּנים פון שוישפּילער פון יידישן קונסט־טעאַטער, יוליוס אַדלער, בעת ער האָט פאַרענדיקט זיין לענגערן בריוו צו די „ליטעראַרישע בלעטער" אין וואַרשע:

„טשאַפּלין איז געווען מיט אונדז פּשוט, באַשיידן און חבריש. דעם נעכטיקן אָוונט וועל איך קיינמאָל אין מיין לעבן ניט פאַרגעסן".

„ווי חסידים אַרום רבינס טיש האָבן מיר זיך געפילט" האָט דעם זעלבן פרימאָרגן אין לאָס אַנדזשעלעס געשריבן מאָריס שוואַרץ צו נחמן מייזילן וועגן דער באַגעגעניש מיט טשאַפּלינען: „מיר האָבן באַוואונדערט זיין פּשטות, זיין איינפאַכקייט, זיין ריין־מענטשלעכע באַציאונג... איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן יענע שעה'ן, יענעם גייסטיקן פאַרגעניגן. עס האָט שוין גע־

לוינט צו פאָרן טעג און נעכט אַזש קיין קאַליפאָרניע, כדי אָנצואוואַרעמען זיך אין דער ליכטיקער זון, וואָס רופט זיך טשאַרלי טשאַפּלין".

.6

טשאַרלי טשאַפּלין, דער גאון פון דער פילם־קונסט און געניאַלער קינסטלער פון סאָציאַלן פּראָטעסט, האָט זיך אַרויסגעזאָגט אויף דער יידישער טעמע אויך בעל־פּה.

אויף דער שיף, וואָס האָט אים געפירט צוריק קיין אַמעריקע נאָך זיין ערשטן באַזוך אין אייראָפּע, אין 1921, האָט ער זיך באַגעגנט מיט אַ קליין מיידעלע. טשאַפּלין דערציילט, אַז דער חן פונעם מיידעלע האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק.

„דו ביסט אַוודאי אַ שפּאַניערין?" האָט טשאַפּלין זי געפרעגט.

„איך בין אַ יידישע טאָכטער", האָט דאָס מיידעלע געענטפערט.

טשאַפּלין האָט באַמערקט: „פון דאַנעט נעמט זיך דיין חכמה".

„גלויבסטו, אַז דאָס יידישע פאָלק איז קלוג?" איז דאָס מיידעלע באַשטאַנען.

„אַוודאי. אַלע גאונים האָבן געהאַט יידיש בלוט אין זיך", האָט טשאַפּלין געענטפערט און פאַרגעזעצט זיין געדאַנק: „ניין, איך בין ניט קיין ייד, זאָג איך, בעת זי קלייבט זיך צו שטעלן די פראַגע וועגן דעם: „איך בין אָבער איבערצייגט, אַז עפּעס פון דער „יידישקייט" געפינט זיך אין מיר, אַלנפאַלס, איך האָף, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי..."

טשאַפּלין דער קינסטלער איז, ווי באַקאַנט, דורכגעגאַנגען אַ לאַנגן וועג ביז ער איז ענדלעך צוגעקומען צו זיינע פילם־שאַפונגען אויף טאָג־טעגלעכע, אַקטועלע, קאָנקרעטע פּראָבלעמען. דעם זעלבן וועג האָט אויך דורכגעמאַכט דער טשאַפּלין פון בעל־פּה. זיין ערנסטער און פאַרגעשריטענער צוגאַנג צו אַלע וועלט־פּראָבלעמען האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אין זיינע אַרויסזאָגונגען איבער ריין־יידישע ענינים.

געוויסע קריטיקער האָבן אין 1940 געהאַט טענות צו טשאַפּלינען, פאַרוואָס ער האָט ניט פאַרענדיקט זיין מייסטערווערק „דער גרויסער דיקטאַטאָר" מיט אַ „גליקלעכן סוף". אין אַ געשפּרעך מיטן צייטונגסמאַן בערט מעקדאָנאַלד האָט טשאַפּלין דערקלערט:

„ווי אַנדערש האָב איך געקאָנט ענדיקן דעם פילם? איך האָב דאָך ניט געקענט לאָזן דעם העלד אָפּצוטראָגן זיך אין אַן עראָפּלאַן, אויסשטעלנדיק אַ לאַנגע נאָז צו דער דאַזיקער מחנה (יידן). אָט־די אָרעמע איינוואוינער פון געטאָ האָבן דאָך ניט קיין פּלאַץ אין דער וועלט וואו צו גיין. קיין איין פּלאַץ אין דער וועלט איז דאָך ניט אָפן פאַר זיי. איך בין ניט קיין ייד. ווען איך גיב אָבער אַ טראַכט וועגן אָט־די אומגליקלעכע מענטשן... פלאַמט מיין פּנים פון בושה. פאַרוואָס־זשע האָבן מיר די אומדערטרעגלעכע אימיגראַציע־געזעצן? פאַרוואָס קענען מיר ניט עפענען די טויערן און העלפן זיי?" (ניו־יאָרקער „וואָרלד טעלעגראַם", אָקטאָבער 19, 1940).

און טשאַפּלין האָט פֿאַרענדיקט דעם געשפּרעך אויף דער טעמע מיט דער באַמערקונג:

„איך האָב געשאַפֿן דעם פֿילם פֿאַר די יידן פֿון דער וועלט. איך האָב געשאַפֿן דעם פֿילם, ווייל איך וויל זען דעם צוריקקער פֿון אַנשטענדיקייט און מענטשלעכקייט".

טשאַפּלין האָט ענג פֿאַרבונדן די טראַגעדיע פֿונעם יידישן פֿאָלק אין די גרויזאַמע מלחמה־יאָרן מיט דער גרויליקער טראַגעדיע פֿון דער גאַנצער מענטשהייט אינעם פּעריאָד פֿון היטלעריזם. טשאַפּלין האָט אויך ניט אָנ־גענומען די נאָך־מלחמהדיקע אויפֿגעבלאָזענע היסטעריע אין לאַנד, וואָס האָט געפֿירט צו דער „קאַלטער מלחמה", און ער האָט זיך ניט אונטערגע־געבן די מכשפֿה־יעגער.

טשאַפּלין האָט אויך אין יענע יאָרן אויסגעדריקט זיין שטאַרקן גלויבן אין פּראָגרעס פֿון דער מענטשהייט, זיין גלויבן אין דער ווירדע פֿון מענטשן, אין דער ווירדע פֿון יידן.

„די אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג וועט סוף־כּל־סוף זיך פֿאַר־אייניקן", האָט טשאַפּלין פֿאַראויסגעזאָגט אין 1947, אין אַ געשפּרעך מיטן שוועדישן זשורנאַליסט איוואַר רעמאַן. מיט די אויגן פֿון אַ פֿאַרגעשריטענעם געניאַלן פֿאָלקס־קינסטלער האָט טשאַפּלין געזען די טראַגישעווירקלעכקייט און האָט געוואָרנט קעגן דעם אָנקום פֿון די מכשפֿה־יעגער. אין דער זעלבער צייט האָט טשאַפּלין אויך אויסגעדריקט זיין טיפֿן גלויבן, אַז „די אידייען פֿון די מערסטע רוזוועלט־מיטאַרבעטער, וועלכע זיינען באַזייטיקט געוואָרן, וועלן זיך אומקערן קיין וואַשינגטאָן".

אין דעם געשפּרעך האָט טשאַפּלין געשטעלט דעם זשורנאַליסט די פֿראַגע: „צוליב וואָס אַזוי פֿיל רעדן וועגן דער פֿאַרשיידנקייט פֿון פֿעלקער?", און ער האָט אַליין געגעבן דעם ענטפֿער:

„... אויב איך בין געבוירן אין אַן אַרבעטער־קוואַרטאַל אין לאָנדאָן, איז דאָס בלויז אַ צופֿאַל. איך וואָלט געקענט געבוירן ווערן ערגעץ־וואו אין סיביר אָדער אין אינדיע. איך בין אַ גאָר קליינער טייל פֿון דער ריזיקער מענטשהייט. איך האָב אַרומגערייזט איבער דער גאָרער וועלט. אומעטום האָב איך געזען ווי מענטשן ראַנגלען זיך מיט די זעלבע פּראָבלעמען... מיר שטעלן דאָך מיט זיך פֿאָר אַן עקאָנאָמישע און גייסטיקע איינהייט.

„מען זאָגט: „טשאַפּלין איז אַ ייד". איך האָב קיינמאָל ניט באַהאַלטן מיין אָפּשטאַם. איך האָב דאָס באַזונדערס קיינמאָל ניט אונטערגעשטראָכן. איך בין אַ מענטש. צי ווערט מיין באַדייטונג גרעסער אָדער קלענער דורך מיין אָפּשטאַם?" („פּרייוועלט", מעקסיקאָ סיטי, יאַנואַר 31, 1947).

דער געשפּרעך איז פֿון דעם פּונקט אַריבער צו דער פּאַלעסטינע־פֿראַגע, וואָס איז דאַן שאַרף געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג פֿון דער מענטשהייט. טשאַפּלין האָט זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן יענע עקסטרעמיסטן אויף דער יידישער גאַס, וועלכע האָבן אויסגענוצט די טראַגעדיע פֿונעם יידישן פֿאָלק

אין די מלחמה־יאָרן אויף צו פאַרשפּרייטן היסטעריע, פאַרלאָרנקייט, דעפּיטיזם.

„די פאַראייניקטע פעלקער (יו־ען)", האָט טשאַפּלין דערקלערט, „מוזן זאָרגן, אַז קיין איין מלוכה זאָל ניט מאַכן קיין אונטערשייד צווישן פאַרשיידענע ראַסן און עטנישע גרופּן, אָדער צו מאַכן אַ פּרואוו פּטור צו ווערן פון מענטשן פון אַ באַשטימטן אָפּשטאַם".

דער געשפּרעך איבער דער יידישער טעמע האָט זיך פאַרענדיקט אין 1947 מיט טשאַפּלינס פּילזייטיקער און ריכטיקער אָפּשאַצונג:

„איך ווייס, אַז ס'זיינען דאָ יידן, וואָס זיינען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז זיי שעמען זיך מיט זייער אייגן פאָלק. פון די אַלע טראַגעדיעס פון אונדזער צייט איז דאָס אפשר די גרעסטע...".



„לך לך" — ווי שלום עליכמס טביה, אַזוי אויך טשאַפּלינס קליין מענטשעלע איז תמיד געצוואונגען צו נעמען די פיס אויף די פּלייצעס און „לך לך" — אַוועקגיין, וואו די אויגן טראָגן אים („מאָדערנע צייטן", 1936).

קאַפּיטל ה

# טשאַפּלין דורך שלום
# צום שיר השירים פאַרן לעבן

1. אין דינסט פון פאָלק
2. טשאַפּלין — דער פילם-קינסטלער פון שלום און סאָציאַלן יושר
3. דער טרויעריקער אמת פון טראַגישן „מעסיע ווערדו"
4. „בינע ליכט" — אַ שיר השירים פאַרן מענטשן און לעבן
5. טשאַפּלינס טרוים — והיה באחרית הימים

# טשאַפּלין — דורך שלום צום שיר־השירים פאַרן לעבן

.1

אין משך פון אַרום פיר־צענדליק יאָר האָט טשאַרלי טשאַפּלין גערעדט צו די מאַסן פון דער וועלט אויף דער פאַרשטענדלעכסטער און אוניווער־סאַלסטער שפּראַך — פילם־פּאַנטאָמימע — וועגן די איבלען פון סאָציאַלן אומרעכט און וועגן דעם גרויסן אומזין פון מלחמה, בלוט־פאַרגיסונגען פון מענטש דורך מענטש.

אין משך פון קנאַפּע פערציק יאָר האָט טשאַפּלין געשאַפן זיינע פילם־מייסטערווערק אין אַמעריקע. פאַר די אַלע יאָרן איז ער כסדר געוואַקסן, זיך אַנטוויקלט, זיך פאַרטיפט סיי אַלס קינסטלער, סיי אַלס געזעלשאַפט־לעכער מענטש. פון די לייכטע און קורצע פילם־קאָמעדיעס, מיט וועלכע ער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אין 1914, איז ער מיט דער צייט אַריבער צו זיינע גוט־געפּלאַנטע און טיף־פאַרטראַכטע פילם־שאַפונגען פון די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר. פון אַ לעבן אין האָליוואוד, איזאָלירט פון די מאַסן, איז טשאַפּלין אין משך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געקומען אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיטן פאָלק דורך זיין אַקטיוון אָנטייל אין דעם קאַמף צו פאַרניכטן אַזוי שנעל ווי מעגלעך דעם פאַשיזם דורך עפענען דעם „צווייטן פראָנט" אין אייראָפּע.

טשאַפּלינס שטים האָט דאַן געמונטערט, געוועקט, אינספּירירט, גערופן:

„... מיר ווייסן ניט, וואָס עס שטייט אונדז פאַר נאָך דער דאָזיקער מלחמה. איך בין אָבער ניט באַזאָרגט פון דעם, און דאָסזעלבע איז דאָך אויך מיט יעדן אָנשטענדיקן מענטשן, וועלכער ווייסט, אַז מיר מוזן צוערשט פאַרניכטן דעם פאַשיזם, איידער עס קאָן געשען גוטס. דאָס ווייסט יעדער איינער, וואָס איז ניט גייציק און ניט בייזוויליק. איינס ווייס איך אָבער יאָ. מיר וועלן ניט צוריקגיין צו די טעג פונעם פאַרהאַרטעוועטן אינדיווי־דואַליזם, וואָס איז אַ ברכה פאַר געציילטע און אַ קללה פאַרן כלל. מיר וועלן מאַכן פאָרשריט"...

אויף זיינע אַרויסטרעטונגען איבער דער לענג און ברייט פון אַמעריקע פאַר אַ באַלדיקן צווייטן פראָנט, פאַר אַ שנעלער פאַרניכטונג פונעם נאַציזם,

פלעגט טשאַפּלין צוזאַמען מיט די ענטוזיאַסטישע מאַסן, טרוימען בקול רם וועגן דעם והיה באחרית הימים:

„...אויף דער שלום־קאָנפערענץ וועט זיך פילן די אָנוועזנהייט פון אונדזערע געפאַלענע מער ווי פון די לעבעדיקע, און זייערע קרבנות און זייערע העלדישע מעשים וועלן וואַרפן אַ שטראַם ליכט אויף דעם גרינעם טיש און רופן צו דער אויפשטעלונג פון אַ בעסערער און אָנשטענדיקערער וועלט פאַר אַלעמען...״ (פון אַ רעדע אין קאַרנעגי האָל, ניו־יאָרק, דעם 16טן אָקטאָבער, 1942).

.2

שלום — און דער קאַמף פאַר שלום!

סאָציאַלער יושר און דער קאַמף פאַר גערעכטיקייט, פאַר עקאָנאָמישער זיכערקייט, פאַרן וואוילזיין פונעם פאָלק, פאַר דער ווירדע פון דעם מענטשן!

שלום איז געווען איינער פון די צוויי הויפּט־לייט־מאָטיוון פון די סאַמע וויכטיקסטע טשאַפּלין־שאַפונגען. דער צווייטער לייט־מאָטיוו, וואָס האָט זיך באַוויזן, אמת אויף אַ גאַנץ פּרימיטיוון אופן, שוין אין די ערשטע לייכטע טשאַפּלין־קאָמעדיעס, איז געווען דער פּראָטעסט קעגן סאָציאַלער אומגערעכטיקייט.

נאָך אין 1918 האָט דער 29־יאָריקער טשאַפּלין געלאָזט וויסן דער וועלט, אינעם פילם „שאָלדער אַרמס״ (ביקס אויף פּלייצע), אַז מלחמה איז אומזין. „שאָלדער אַרמס״, טשאַפּלינס ערשטער אַנטי־מלחמה פילם, איז געקומען נאָך אַזעלכע וויכטיקע טשאַפּלין־פילמס פון סאָציאַלן פּראָטעסט, ווי „דער אימיגראַנט״ און „אַ הינטיש לעבן״.

טשאַפּלינס ערשטער אַנטי־מלחמה אַרויסטריט, דער פילם „שאָלדער אַרמס״, האָט פאַרמאָגט דעמזעלבן גרונט־חסרון, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיינע סאַמע בעסטע פילמס פון סאָציאַלן פּראָטעסט אין יענעם פּעריאָד. אונטערן איינפלוס פון די „פּאַביאַנער״ פון לאָנדאָן, אויף וועמענס ווערק טשאַפּלין האָט זיך אַליין דערצויגן, און אונטער דער ווירקונג פון דער קליינבירגערלעכער סביבה פון ליבעראַלע אינטעלעקטואַלן אין אַמעריקע, איז טשאַפּלין געווען דאַן פאַרקאָכט אין דעם אַבסטראַקטן הומאַניזם. וואָלט טשאַפּלינס העלד, דאָס קליינע מענטשעלע, געקאָנט דאַן רעדן (ס׳איז געווען די צייט פון „שטומע״ פילמס), וואָלט ער פון יעדן פילם אויסגעשריען: „רחמנים, בני רחמנים. האָט רחמנות אויף מיר, אויף דעם הילפלאָזן און האָפענונגסלאָזן מענטשן. האָט רחמנות אויף דער מענטשהייט, אויף דעם לעבן בכלל!״

טשאַפּלינס רחמנות־פילאָזאָפיע, וואָס האָט שפּעטער אינגאַנצן אויסגעפעלט אין זיין אויסגעשפּראָכענעם קעמפערישן אַנטי־נאַצי פילם „דער גרויסער דיקטאַטאָר״, האָט זיך ווידעראַמאָל באַוויזן אין דעם אַנטי־מלחמה פילם „מעסיע ווערדו״, וואָס איז, אגב, אָנגעלאָדן מיט פּעסימיזם און אַנטוישונג. ביים אַרויסברענגען „מעסיע ווערדו״ אין 1947 האָט טשאַפּלין אָנגעוויזן:

„מיינע פילמס זיינען אַלעמאָל געווען אין די אינטערעסן פון דעם דער־שלאָגענעם מענטשן. די פילמס האָבן געזוכט אַרויסצורופן רחמנות. איך גלויב, אַז רחמנות איז אַ וויכטיקע אייגנשאַפט פון ציוויליזאַציע"...

רחמנות פאַר דעם סאָלדאַט, פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג אין צייט פון מלחמה, איז געווען דער לייט־מאָטיוו פון טשאַפּלינס ערשטן אַנטי־מלחמה פילם „שאָלדער אַרמס". דאָס האָט געפירט דערצו, אַז פּאַציפיזם האָט געהאַט די אויבערהאַנט אינעם פילם. מלחמה איז אומזין, גרויזאַם, האָט טשאַפּלין געלאָזט וויסן דורך דעם פילם. אַלע מלחמות, גערעכטע און אומגערעכטע, אַלע קאַמפן מוזן אָפּגעשטעלט ווערן, — איז געווען דער סך־הכל פון טשאַפּלינס קונסט־ווערק „שאָלדער אַרמס".

אין דעם פילם האָט אויך געפעלט דער קינסטלערישער באַוואוסטזיין, וואָס איז נויטיק פאַר יעדער קונסט־שאַפונג — דער „פאַרוואָס" און „פאַר־ווען" פון מלחמה, פון יעדן מין קאַמף.

אָבער ניט־געקוקט אויף די וויכטיקע און עיקרדיקע בלויזן, ווערט „שאָלדער אַרמס" באַטראַכט עד־היום אַלס אַ באַדייטנדיקער בייטראָג צו דער זאַך פון שלום און אַלס אַ מייסטערווערק אין דער וועלט פון פילם־קונסט.

„שאָלדער אַרמס" האָט זיך באַוויזן אויפן לייוונט פון די פילם־טעאַ־טערס אין אַמעריקע דעם 20טן אָקטאָבער, 1918, עטלעכע וואָכן איידער עס האָט זיך אָפּגעשטעלט די בלוטיקע און אומזיניקע שחיטה אויף דעם מערב־פראָנט אין אייראָפּע. טשאַפּלינס אַנטי־מלחמה מייסטערווערק האָט זיך באַוויזן אויפן לייוונט אין דער צייט, ווען אַזעלכע בראַווע און אומדער־שראָקענע אַמעריקאַנער, ווי יודזשין דעבס און הונדערטער אַנדערע שלום־קעמפער, זיינען געוואָרפן געוואָרן אין תפיסה פון לאַנד אַלס „געפערלעכע רויטע" אונטער דעם „שפּיאָנאַזש"־געזעץ פון יענע יאָרן.

טשאַפּלינס צוגאַנג צו דער פראַגע פון מלחמה און שלום און צו דער פּראָבלעם פון סאָציאַלן יושר אין זיינע שפּעטערדיקע פילם־שאַפונגען האָט בולט אַרויסגעבראַכט דעם ריזיקן פאָרשריט, וואָס ער האָט געמאַכט, אין גאַנג פון די יאָרן, אין זיין גאַנצן וועלט־באַנעם, אין זיין פּאָליטישער און אויך קינסטלערישער רייפקייט. וואָס ענגער טשאַפּלין האָט פאַרבונדן, אין זיינע פילמס, מלחמה מיט דער סיסטעם פון פּראָפיטן־פאַרן־יחיד, אַלץ מעכטיקער, שאַרפער און דירעקטער האָט זיך געטראָגן זיין שטים פאַר שלום און זיין רוף פאַר סאָציאַלן יושר.

טשאַפּלינס פּראָגרעס און רייפקייט האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויף נאָך איין געביט — אַ וויכטיקער געביט אין דער וועלט פון אמתער קונסט. אין זיינע פילם־שאַפונגען און בעל־פּה האָט טשאַפּלין אָנגעהויבן צו רעאַגירן און אָפּרופן זיך אויף די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון דעם טאָג־טעגלעכן לעבן.

אַזוי, צום ביישפּיל, אינעם פעריאָד פון די טיפע עקאָנאָמישע אויפ־טרייסלונגען אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן האָט טשאַפּלין צוגעטראָגן דעם פילם „מאָדערנע צייטן" — אַ בייסיקע סאַטירע אויף דער אינדוסטרי־

עלער עקספּלואַטאַציע־סיסטעם. אין „מאָדערנע צייטן״ האָט טשאַפּלין אפילו דערלויבט זיין העלד צו שטעלן זיינע ערשטע און אומזיכערע טריט אין די רייען פון אַ דעמאָנסטראַציע פון סטרייקערס און אַרבעטסלאָזע אין אַמעריקע.

שפּעטער־צו, אין 1940, ווען די געפאַר פון פאַשיזם איז געשטאַנען אין צענטער פון אַלע פּראָבלעמען, איז טשאַפּלין געקומען מיט זיין פילם „דער גרויסער דיקטאַטאָר״ — אַ שאַל־רוף צו דער מענטשהייט אומעטום צוצו־שטיין צום אַקטיוון קאַמף קעגן אַלץ, וואָס ער, טשאַפּלין, און מיליאָנען מענטשן איבער דער וועלט אידענטיפיצירן מיט פאַשיזם און נאַציזם: מלחמה, ברו־טאַלע עקספּלואַטאַציע פון מענטש דורך מענטש, אונטערדריקונג פון די פרייהייטן פון די פאָלקס־מאַסן, גייציקייט, ראַסן־האַס און פעלקער־פאַר־שקלאַפונג.

און נאָך שפּעטער, אין 1947, שוין נאָכן זיג איבערן פאַשיזם, ווען אַזעל־כע טערמינען ווי „קאַלטע מלחמה״ און „אַטאָם־דיפּלאָמאַטיע״ האָבן אָנגע־הויבן אַריינצוגיין אין דער מאָדע אין געוויסע הערשנדיקע קרייזן פון אַ צאָל לענדער, האָט זיך באַוויזן אויפן לייוונט טשאַפּלינס „מעסיע ווערדו״.

.3

אויפן לייוונט, אין דער ערשטער סצענע פונעם פילם „מעסיע ווערדו״, באַווייזט זיך דער העלד: אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן. אויסגעפּוצט אין עסיק־און־האָניק, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ דערפאָלגרייכן געשעפטסמאַן אין פראַנקרייך, אָדער אין וועלכן־עס־איז אַנדערן לאַנד. אויפן קאָפּ — אַ קאַסטבאַרער קאַפּעליוש. אויפן גוף — אַן אויסגעפּרעסטער אָנצוג. ער טראָגט אַ קאָלירפולן שניפּס אויף אַ זיידענעם העמד, ספּעציעלע גלאַנצנ־דיקע שיך אויף די פיס, אַ שטעקן אין איין האַנט און אַ פּאָר זיידענע הענטש־קעס אין דער צווייטער.

די געשטאַלט פונעם דערפאָלגרייכן בערזע־ספּעקוליאַנט פון פּאַריז פאַרשווינדט פונעם לייוונט און עס דערשייַנט אַן איינפאַכע מצבה מיט דער אויפשריפט:

„אַנרי ווערדו — 1880—1937״.

אַנרי ווערדו — אָדער מעסיע ווערדו — איז לויטן געזעץ, היינגע־ריכטעט געוואָרן אין פראַנקרייך אַלס אַ „מאַסן־מערדער״.

דער פילם פאַרנעמט זיך דאַן דערציילן די געשיכטע פון דעם „מאַסן־מערדער״ — „מעסיע ווערדו״. דורך דער געשיכטע ווערט אַרויסגעבראַכט, אָפן און אָן רמזים, די דעגראַדאַציע פון דעם מין מענטש אין אַ סיסטעם פון מלחמה־פּראָפיטן, פון פּראָפיטן בכלל. די סיסטעם איז די צענטראַלע געשטאַלט אינעם פילם, די סיסטעם און אירע זיילן — דאָס געזעץ, די פּרעסע, די אָרגאַניזירטע קירך. דער סיפור־המעשה אַנטוויקלט זיך אין פילם אַרום די צוויי פיגורן: ווערדו און דאָס מיידל רענע.

מעסיע ווערדו ווערט אַרויסגעשפּיגן אין גאַס, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעגעבן זיינע בעסטע יאָרן אין געטרייער דינסט צו די אייגנטימער פון

אַ באַנק. ער, אַ געטרייער פאַמיליע־מענטש, איבערגעגעבענער מאַן צו זיין פרוי און גוטער פאָטער צו זיין קינד, באַמיט זיך, אַלס אַרבעטסלאָזער, אַריינצופּאַסן זיך אין דער וועלט פון „ביג ביזנעס" און פאַרפּלאָנטערט זיך מיט אַן איינפאַכן „מאָרד־רעקעט". ווערדו פאַרנאַרט רייכע און איינזאַמע פרויען, שווינדלט־אַרויס פון זיי זייער געלט, כדי צו קאָנען שפּילן אויף דער בערזע, און דערמאָרדעט זיי.

אין זיינע געשפּרעכן, אינעם פילם, מיטן מיידל רענע, דערציילט עפּעס מעסיע ווערדו וועגן זיך:

„איך האָב געלעבט, ווי אין אַ שרעקלעכן חלום... איך האָב געדינט אין אַ באַנק אַלס אַן אָנגעשטעלטער. אַן אומעטיק לעבן איז עס געווען. טאָג־אײַין טאָג־אויס האָב איך געציילט פרעמדע געלטער... דערנאָך האָט פּאַסירט אַזעלכעס, וואָס האָט צעשטערט דעם ריטם פון אָט־דעם לעבן. איך האָב פאַרלוירן מיין שטעלע. נאָכדעם — אַ שרעקלעכער קאָשמאַר. מיט אַ פאַרגליווערטער און פאַרשטיינערטער נשמה, וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט אין כלערליי זאַכן, האָב איך געלעבט, ווי אַ פאַרמויערטער אין ניט קיין



„מאָדערנע צייטן": די מאַשין באַהערשט דעם מענטשן.

רעאַלער וועלט... שרעקלעכער וועלט... גאַנץ מעגלעך, ווען איך זאָל וויסן צוליב וואָס מען דאַרף לעבן, וואָלט מיר געוועז לייכטער"...

דער פאַרליוירענער ווערדו פאַרנעמט זיך דיסקוסירן מיטן פאַרהונגערטן מיידל רענע וועגן זעלבסטמאָרד, זעלבסט־פאַרניכטונג.

„דאָס אינטערעסירט מיך ניט", ענטפערט זי געלאַסן, „ניט־געקוקט אויף אַלץ, איז לעבן אַן אויסערגעוויינלעכע זאַך... אַלץ איז לעבן. אַ פרילינג־פרימאָרגן, אַ זומער־אָוונט... מוזיק, קונסט, ליבע... אין לעבן איז דאָ פיל אומגערעכטיקייט און פיל טרויעריקס... נאָר איין טראָפּן גוטס מאַכט דאָס לעבן אָפּט פרעכטיק־שיין"...

דער פּראַקטישער געשעפטסמאַן, מעסיע ווערדו, וועלכער גלויבט, אַז „דאָס לעבן איז גרויזאַם און מען דאַרף זיין גרויזאַם דורכצולעבן ס'לעבן", איז פאַרוואונדערט:

ווערדו: ליבע?

רענע: יאָ, ס'איז דאָ אַזאַ זאַך.

ווערדו: פונוואַנען ווייסט איר דאָס?

רענע: איך האָב ליב געהאַט אַ מאַן.

ווערדו: דאָס מיינט, אַז איר האָט געהאַט צו אים אַ פיזישע נייגונג?

רענע: דאָס איז ניט דער עיקר אין אַן אמתער ליבע.

מעסיע ווערדו קומט־אַרויס מיט לשון און פלאַפּלט־אַרויס די שטותע־רייען פון זיין וועלט בנוגע פרויען און ליבע — שלא עשני אשה.

רענע: ס'אַראַ נאַרישקייטן... ווי ווייניק איר ווייסט וועגן פרויען... דאָס איז ניט קיין ליבע... ליבע מיינט אינגאַנצן איבערגעבן זיך... אַלץ מקריב צו זיין... פילן צו אַ מענטשן, ווי אַ מוטער פילט צו איר קינד...

רענע איז אַ דירעקטער קרבן פון מלחמה. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זי געקומען, אַלס קינד, פון בעלגיע קיין פּאַריז, ווי טויזנטער אַנדערע פליכטלינגען. זי האָט געהייראַט אַ פאַרקריפּלטן מלחמה־וועטעראַן. זי איז פאַרשיקט געוואָרן אויף אַ קורצער צייט אין טורמע צוליב דעם, וואָס זי האָט פאַרזעצט אַ ניי־מאַשין, וואָס זי האָט געליען, און דורכדעם אויפגעהאַלטן ביים לעבן דעם אַרבעטסלאָזן מלחמה־וועטעראַן.

מעסיע ווערדו, דער רייכער בערזע־ספּעקוליאַנט, האָט זי צוערשט געטראָפן אַ פאַרהונגערטע אין אַ געסל פון מאָנמאַרטר, אין פּאַריז, שפּעט ביינאַכט. דאָס לעצטע מאָל האָט ווערדו געטראָפן דאָס מיידל אין אַ לוקסוס־אויטאָמאָביל ביי די טירן פון אַ נאַכט־קלוב. ניט ווייט פון דעמזעלבן נאַכט־קלוב זיינען געשטאַנען לאַנגע רייען פון אויסגעהונגערטע אַרבעטסלאָזע, וועלכע האָבן געוואַרט מיט געדולד אויף אַ שטיקל טרוקן ברויט.

ריזיקע „קעפּ" אין די צייטונגען האָבן געמאָלדן: „היטלער און מוסאָליני נעמען־אויף פּאַראַד פון מאַרשירנדיקע סאָלדאַטן"...; „נאַציס באָמבאַרדירן די שפּאַנישע לאָיאַליסטן"...; „זיבן טויזנט פרידלעכע איינוואוינער דערמאָרדעט פון נאַצישע באָמבאַרדעס אויף מאַדריד און אַנדערע שטעט"...; „איירָאָפּע אין געפאַר פון מלחמה".

אויף זיין לעצטער באַגעגעניש באַטראַכט מעסיע ווערדו די טייערע קליידער, אין וועלכע רענע איז אויסגעפּוצט, און די דימענטן, וואָס באַצירן זי. רענע דערציילט אים: „איך האָב זיך באַגעגענט מיט אַן אייגנטימער פון אַ פאַבריק פון מלחמה־פּראָדוקציע".

מיט פאַרביטערונג און איראָניע באַמערקט ווערדו: „אָט מיט וואָס איך האָב געדאַרפט זיך פאַרנעמען. אָט־דאָס געשעפט (מלחמה פּראָדוקציע) וועט גאָר אינגיכן אַריינברענגען גרויסע פּראָפיטן".

וועגן איר „נייעם פריינט", דעם אַמוניציע־פאַבריקאַנט, דערציילט רענע:

„ער איז אַ מאָדנער מענטש. אין פיל הינזיכטן איז ער אַ קלוגער און גוטער מענטש. ווען עס קומט צו געשעפטן, איז ער גרויזאַם"...

נאָך אַ ריי דערשיטערנדיקע איבערלעבענישן — זיינע עטלעכע באַגעגענישן מיט רענע, דער פּלוצימדיקער טויט פון די מיטגלידער פון זיין אייגענער משפּחה, די כסדרדיקע קראַכן אויף דער בערזע — קומט ווערדו צום אויספיר, אַז ער באַלאַנגט כלל ניט צו דער וועלט פון ביזנעס. מעסיע ווערדו גיט זיך איבער דער פּאָליציי.

דער פּראָקוראָר, די העכסטע פאַרקערפּערונג פונעם געזעץ, וואָס שפּיגלט־אָפּ די מאָראַל און מאַכט פון דער סיסטעם, קלערט־אויף דעם כאַראַקטער פון דעם גאַנצן פּראָצעס:

„נאָך קיינמאָל אין דער גאַנצער געשיכטע פון געריכטן, זיינען ניט אויפגעדעקט געוואָרן אַזעלכע שרעקלעכע פאַרברעכנס. הערן געשוואוירענע ריכטער, איר האָט דאָ פאַר זיך אַן אמתע פאַרזעעניש, אַ גרויזאַמע און ציניש חיה. קוקט זיך נאָר צו צו אים".

דער פּראָקוראָר זעצט־פאָר זיין רעדע:

„קוקט זיך גוט צו צו אים. אין משך פון דער גאַנצער אויספאָרשונג, ווען ס'זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן די גרויזאַמסטע איינצלהייטן פון זיינע פאַרברעכנס, האָט ער ניט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון חרטה. ער איז אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד. וואָלט ער פאַרמאָגט געזונטע מענטשלעכע אינסטינקטן, וואָלט ער געקאָנט לעבן מיט ערלעכער אַרבעט. ער האָט זיך אָבער אויסגעקליבן דעם וועג פון זינד. ער האָט געוואָלט אַ לייכט לעבן".

דער פּראָקוראָר וואָרנט:

„דער פאַקט, וואָס אַזעלכע פאַרברעכנס זיינען מעגלעך, צווינגט אונדז צו שטעלן זיך די פאָלגנדיקע פראַגע: צו וועלכער מאָראַלישער געפאַלנקייט קאָן אַ מענטש דערגיין? די סאָציאַלע געפאַר פון אַזעלכע פאַרברעכנס באַשטייט אין דעם, וואָס זיי טרייסלען־אונטער די סאַמע פונדאַמענטן פון אונדזער ציוויליזאַציע"...

דער פּראָקוראָר פאָדערט:

„דעריבער זאָג איך, אויב מיר ווילן באַשיצן געזעץ און אָרדענונג, דאַרפן מיר אָפּהאַקן דעם דאָזיקן צוויג פון בוים. איך רוף אייך ניט צו נקמה, נאָר צו זעלבסט־פאַרטיידיקונג... צו דער פאַרטיידיקונג פון פּרויענטום און פון די געזעצן פון מענטשלעכער מאָראַל... איך פאָדער פאַר

דעם דאָזיקן מאַסן־מערדער די העכסטע שטראָף — טויט־שטראָף, גיליאָטינע. די מלוכה דאַרף באַשיצן אירע אינטערעסן!״

דער פאָרשטייער פון דער אָרגאַניזירטער קירך קומט אין טויטן־הויז צו מעסיע ווערדו צו דערפילן זיינע העכסטע מאָראַלישע פליכטן צו דער געזעלשאַפט, צו דער מלוכה, און אויסלייזן די נשמה פון פאַרמשפּטן פון זיינע זינד. אין טויטן־צעל פאַרקניפּט זיך אַזאַ דיאַלאָג:

גלח: האָט איר דען ניט קיין חרטה אויף אייערע זינד?

מעסיע ווערדו: ווער קאָן דען זאָגן, וואָס אַזוינס ס׳איז אַ זינד... אָבער לאָמיר נאָר זען — מיט וואָס־זשע וואָלט איר זיך פאַרנומען, פּאָטערל, ווען ס׳וואָלט ניט געווען קיין זינד אויף דער וועלט?

גלח: זאָל דער ריבונו של עולם רחמנות האָבן אויף אייער נשמה...

מעסיע ווערדו: פאַרוואָס־זשע ניט? די נשמה באַלאַנגט דאָך צו אים...

גלח: מיין זון. איך וואָלט אייך געוואָלט העלפן... אויב דאָס איז נאָר אין מיינע כוחות. איך בין געקומען בעטן אייך שלום־צו־מאַכן מיט גאָט.

מעסיע ווערדו: טייער פּאָטערל, איך בין בשלום מיט גאָט. איך בין איצט אָבער אין קאָנפליקט מיטן מענטשן...

אויך די פּרעסע איז, ווי געוויינלעך, שטאַרק פאַראינטערעסירט אין העלפן באַשיצן די „סאַמע פונדאַמענטן פון אונדזער ציוויליזאַציע״. רע־פּאָרטערס באַלאַגערן מעסיע ווערדו אין טויטן־צעל, ערב זיין היגריכטונג:

רעפּאָרטער: נו, ווערדו, איר דאַרפט צוגעבן, אַז עס לוינט זיך ניט צו זיין אַ פאַרברעכער.

מעסיע ווערדו: איר זייט פולשטענדיק גערעכט... אויף אַ קליינעם מאָסשטאַב באַצאָלט זיך עס טאַקע ניט.

רעפּאָרטער: ווי אַזוי קענט איר זיך דערלויבן ריידן אַזעלכע צינישע רייד אין די לעצטע מינוטן פון אייער לעבן... גיט מיר עפּעס צו דער־ציילן: גיט מיר כאָטש איין עפּיזאָד מיט אַ מאָראַל... איר זייט דאָך די טראַגישע געשטאַלט פון אַ מערדער.

מעסיע ווערדו: מיין ערן־וואָרט, איך פאַרשטיי אייך ניט באמת. ווי אַזוי קאָן איינער מיט זיך פאָרשטעלן אַזאַ מין געשטאַלט אין אונדזער צייט פון פאַרברעכנס.

רעפּאָרטער: זייט איר דען ניט אַזאַ געשטאַלט? איר האָט דאָך גע־רויבט און געמאָרדעט!

מעסיע ווערדו: ביי מיר איז דאָס געווען אַן אונטערנעמונג — געשעפט.

רעפּאָרטער: אַנדערע מענטשן מאַכן דאָך ניט קיין ביזנעס פון דעם.

מעסיע ווערדו: אַזוי גאָר. איר האָט באמת קיין אַנונג ניט וועגן דער געשיכטע פון די צאָלרייכע ריזיקע אונטערנעמונגען. איין מאָרד באַצייכנט דעם מענטשן אַלס אַ מערדער... מיליאָנען מאָרדן פאַרוואַנדלען אים אין אַ העלד. דער פאַרנעם באַרעכטיקט אַלץ, מיין טייערינקער...

פונעם לייוונט אין טעאַטער טראָגט זיך די שטים פון מעסיע ווערדו, דעם „מאַסן־מערדער", וועלכער מאַכט אַ סך־הכל פון זיין אייגן פאַרפלאָנטערט לעבן, אַ סך־הכל און אַ וואָרנונג:

„... דער פּראָקוראָר איז ניט געווען צו־ברייטהאַרציק אויף מיין חשבון. ער האָט פונדעסטוועגן צוגעגעבן, אַז איך בין אַ מענטש מיט פאַר־שטאַנד... יאָ, דער גורל האָט מיך באַשאָנקען מיט שכל און פייאיקייטן. אין משך פון 25 יאָר האָב איך זיך אָפּגעגעבן מיט ערלעכער אַרבעט. דער־נאָך אָבער זיינען זיי, מיין שכל און פייאיקייטן, קיינעם ניט נויטיק געוואָרן. איך בין געצוואונגען געוואָרן אַליין צוצוטראַכטן אַ מיטל פון זעלבסט־אויפהאַלטונג. גלויבט מיר. אַז דאָס איז ניט געווען קיין לייכט לעבן. איך האָב פיל מקריב געווען פאַר דעם ביסל, וואָס איך האָב צוריק באַקומען...

„וואָס איז שייך די מאַסן־מאָרדן, וועגן וועלכע עס רעדט דער פּראָ־קוראָר... ווערן זיי דען ניט דערמוטיקט אין אונדזער וועלט? ווערן דען ביי אונדז ניט צוגעגרייט די פאַרשיידנסטע מינים געווער פון מאַסן־פאַרניכ־טונג פון מענטשן? ווערן דען ביי אונדז ניט צעריסן אויף פיצלעך אומ־שולדיקע פרויען און קינדער? און דאָס ווערט דאָך דורכגעפירט מיט די שטרענג־וויסנשאַפטלעכע מיטלען.

„ווי קום איך צו די דאָזיקע ספּעציאַליסטן? איך בין אַ מינדערוויכ־טיקער אַמאַטאָר, ניט מער...

„דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט אייך זאָגן, געזעגענענדיק זיך מיטן לעבן"...

יענע סענסיטיווע זיילן פון דער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן זיך געפילט שטאַרק געטראָפן פון טשאַפּלינס „מעסיע ווערדו", האָבן רעאַגירט ענערגיש, שנעל און שאַרף:

קאָנגרעסמאַן דזש. פאַרנעל טאָמאַס האָט געלאָזט וויסן, אַז ער לאַדט־אײַן טשאַפּלינען קיין וואַשינגטאָן צו אַ פאַרהער פאַר אַ קאָנגרעס־קאָמיטע וועגן זיינע, טשאַפּלינס, „אומאַמעריקאַנער טעטיקייטן".

די אָפיציעלע וואָרטזאָגער פון דער קאַטוילישער קירך אין אַמעריקע האָבן דורך זייער אָרגאַניזאַציע „לידזשאָן אָוו דיסענסי" (לעגיאָן פון אָנ־שטענדיקייט) אַרויסגעשטעלט „מעסיע ווערדו" אויפן שוואַרצן צעטל פון פאַרבאָטענע פילמס.

די מערסטע צייטונגען אין לאַנד האָבן איינגעשטימט מיט דער רעס־פּעקטאַבעלער „ניו יאָרק העראַלד טריביון", וואָס האָט געמאָלדן, אַז דער פילם „מעסיע ווערדו" איז אַ „באַליידיקונג פאַר דער אינטעליגענץ", און מיט דער וואַ־לגאַרער צייטונג „ניו יאָרק דעילי ניוס", וואָס האָט זיך פאַר־כלינעט מיט אירע אייגענע ווערטער, אַז „טשאַפּלין האָט זיך געמאַכט צום נאַר מיט דעם פילם „מעסיע ווערדו".

העדדא האָפּער, וועלכע באַריכטעט צו מיליאָנען אין אַמעריקע און איבער דער וועלט וועגן אַלץ, וואָס ס'פּאַסירט אין האָליוואָוד, האָט דעם 18טן אַפּריל, 1947, געלאָזט וויסן דורך דער פּרעסע און ראַדיאָ:

„איך בין אָנגעזונד געווען אויף אַ היסטאָרישער געשעעניש... איך האָב אָקאָרשט געזען דעם פילם „מעסיע ווערדו" — דער לעצטער פילם, וואָס טשאַפּלין וועט ווען עס איז שאַפן"...

.4

געטריי צו זיין קינסטלערישער טראַדיציע צו באַהאַנדלען אַן עיקרדיקע און אַקטועלע פּראָבלעם אין דער געהעריקער צייט, האָט טשאַפּלין געבראַכט דער וועלט אין 1952 זיין מייסטערווערק „לאַימלאַיט" (בינע־ליכט).

טשאַפּלינס פילם „לאַימלאַיט" פון 1952 איז אַ שיר־השירים פאַרן לעבן; אַ געזאַנג פאַר דאָס שענסטע, וואָס די נאַטור האָט אַנטוויקלט — דער מענטש; אַ דערמאָנונג, אין אַ צייט פון פאַרניכטונג־פּלענער, וועגן דער מעכטיקייט און גבורה אין דעם באַוואוסטזיין פון מענטשן צו שאַפן, צו בויען; אַן אָנזאָג פאַר דער דערקענטעניש פונעם לעבן, פאַרן באַנוץ פון דעם באַוואוסטזיין וועגן לעבן.

אין די ראַמען פון אַן איינפאַכער געשיכטע וועגן לעבן פון קינסטלער אין לאָנדאָן ערב און אין משך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט טשאַפּלין אויסגעפורעמט דעם גרויסן טרוים פון דעם פשוטן מענטשן אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער — דעם טרוים פון וועלט־שלום, פון פרידלעכער שאַפונג, גליק און פרידלעכן לעבן.

צוויי און האַלב יאָר האָט טשאַפּלין געאַרבעט אין האַליוואוד אויף דעם פילם „לאַימלאַיט". ערב דער פּרעמיערע אין האַרבסט 1952 האָט טשאַפּלין געלאָזט וויסן, אַז זיין „לאַימלאַיט" דאַרף ניט באַטראַכט ווערן אַלס אַ פילם, וואָס האָט צו טאָן בלויז מיט ספּעציפישע פּראָבלעמען פון קינסטלער, נאָר, אַז „די איבערלעבענישן פון די העלדן זיינען פונדאַמענטאַלע, און די אויפפאַסונג קאָן זיך אָפּשפּילן אומעטום און אין יעדער פּראָפעסיע".

די הויפּט־העלדן אין „לאַימלאַיט" זיינען: קאַלוועראָ, אַן אויסגעשפּילטער קלאָון אין ענגלאַנד, און טערי, אַ יונגע און באַגאַבטע טענצערין, וועלכע האָט זיך איינגערעדט, אַז אירע פיס זיינען פּאַראַליזירט און זי קאָן מער ניט טאַנצן. טערי מאַכט אַ פּאַרזוך צו באַגיין זעלבסטמאָרד אין איר אָרעמען צימער אין לאָנדאָן. קאַלוועראָ ראַטעוועט זי פון טויט און ברענגט זי, אונטער די שטראַלן פון „בינע־ליכט" — צוריק צום שעפערישן לעבן.

אויך אין „לאַימלאַיט", ווי אין אַנדערע פילמס פון יענעם פּעריאָד אין טשאַפּלינס שאַפונגען, פאַרנעמט אַ גאַנץ באַשימטן אָרט דער „פאַרוואָס" און „פאַרוועגן" פון דער טראַגעדיע אין לעבן פון טערי.

טערי דערציילט קאַלוועראָן איר לעבנס־געשיכטע, איר יחוס:

די מוטער איז געווען אַ שניידערין. איר פאָטער איז געווען אַ זון פון אַ לאָרד אין ענגלאַנד. אַלס מיידל האָט איר מוטער געדינט ביי דעם לאָרד אין הויז. דעם לאָרדס זון האָט זיך פאַרליבט אין דער שניידערין און מיט איר חתונה געהאַט. צוליב דעם חטא האָט דער לאָרד גאָרנישט ניט איבערגעלאָזט פון זיין גרויסן פאַרמעגן פאַר דעם זון. טעריס פאָטער און מוטער

זיינען געשטאָרבן. די מוטער איז געשטאָרבן, ווען זי, טערי, איז אַלט געווען אַכט יאָר. די איינציקע אין איר משפּחה, וואָס לעבט, איז איר עלטערע שוועסטער, לואיז. זי לעבט ערגעץ־וואו אין דרום־אַמעריקע.

טערי קומט צו דער טראַגעדיע:

„ווען מיין שוועסטער לואיז האָט מער ניט געקענט געפינען קיין אַרבעט, האָט זי זיך אַוועקגעלאָזט איבער די גאַסן. איך בין געווען אַכט יאָר אַלט. דאָס האָט פּאַסירט נאָך מיין מוטערס טויט. איך האָב ליב געהאַט לואיזן. זי האָט מיך געשטיצט. האָט מיך געלערנט טאַנצן. מיטאַמאָל האָב איך זיך געכאַפּט מיט וואָס זי באַשעפטיקט זיך"...



קאַלוועראָ, טשאַפּלינס אויסגעשפּילטער בינע־פּאַרווילער, גרייט זיך פאַר זיין לעצטן אויפטריט אונטער די שטראַלן פון „בינע־ליכט" („בינע־ליכט", 1952).

די טענצערין, טערי, וועלכע האָט זיך איינגערעדט, אַז אירע פיס זיי־נען פּאַראַליזירט, און איז געווען גרייט, אויס הונגער און נויט, צו באַגיין זעלבסטמאָרד, זעצט־פאָר:

„צוזאַמען מיט אַנדערע מיידלעך בין איך געגאַנגען אַהיים פון דער טאַנץ־שול. איך און די אַנדערע מיידלעך האָבן געזען, ווי זי, לואיז, שלעפּט זיך אַרום איבער די גאַסן... איך האָב אָנגעהויבן לויפן און וויינען... איך האָב געמאַכט אַ פּאַרזוך דאָס אַלץ צו פאַרגעסן. אינגיכן בין איך אָפּ־געשיקט געוואָרן אין אַ יתומים־אַנשטאַלט. צו זעכצן יאָר האָב איך פאַרלאָזט די שול און האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דעם עמפּאַיר־באַלעט. דאַן איז לואיז

אַוועקגעפֿאָרן קיין דרום־אַמעריקע, און זינגט דאָן האָב איך פֿון איר מער ניט געהערט... די צרות (פּאַראַליז) האָבן זיך אָנגעהויבן אין צוויי יאָר אַרום, ווען מעליס, איינע פֿון די מיידלעך, וואָס האָבן אַנטדעקט דעם סוד וועגן לואיזן, האָט זיך אָנגעשלאָסן אין באַלעט"...

נאָך אין דעם פֿילם „מעסיע ווערדו" האָט די געפּלאָגטע און געשלאָגענע רענע געלערנט טשאַפּלינס העלד, דעם ציניש געשעפֿטסמאַן ווערדו, אַז „אין לעבן איז דאָ פֿיל אומגערעכטס און פֿיל טרויעריקס... נאָר אײַן טראָפּן גוטס מאַכט דאָס לעבן אָפּט פּרעכטיק און שיין". קאַלוועראָ, טשאַפּלינס העלד פֿון 1952 אין „לאַימלאַיט", האָט אָן ספֿקות און קווענקלע־נישן אָנגענומען דידאַזיקע רעאַליסטישע, פּאָזיטיווע און אָפּטימיסטישע אָפּשאַצונג פֿון לעבן, און זי געבראַכט צו דער פֿאַרביטערטער און אַנטויש־טער טערי.

אויך דער אויסגעשפּילטער, אַלטער קלאַון, קאַלוועראָ, האָט עפּעס צו דערציילן וועגן זיך:

„נאָך מיט זעקס חדשים צוריק האָט מען מיר אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. איך האָב זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן... איך האָב געקעמפֿט און דאָס איז געווען, וואָס דו דאַרפֿסט טאָן... דו ביסט אויסגעמאַטערט קעמפֿענדיק, ווײַל דו באַקעמפֿסט זיך אַליין... דער קאַמף פֿאַר גליק איז אָבער דאָך אַזוי שיין... הער זיך נאָר צו... אַלס קינד פֿלעג איך זיך באַקלאָגן פֿאַר מײַן פֿאָטער אויף דעם, וואָס איך האָב ניט קיין שפּילצייג. מײַן פֿאָטער פֿלעגט אָנווײַזן אויפֿן קאָפּ און זאָגן: דאָס איז די גרעסטע שפּילצייג, וואָס איז ווען־עס־איז געשאַפֿן געוואָרן. דאָ ליגט דער סוד פֿונעם גאַנצן גליק"...

נאָכדעם ווי דער פֿילם „מעסיע ווערדו" איז געוויזן געוואָרן אין 1947, האָט טשאַפּלין, ווי באַקאַנט, זיך אָפֿיציעל פּראָקלאַמירט, אין זײַן ענטפֿער צו דער קאָנגרעס־קאָמיטע, אַלס „שלום־העצער". אַלס אַקטיווער „שלום־העצער" האָט טשאַפּלין געצוואונגען זײַן העלד אָפּצוטרייסלען זיך פֿון פֿיל אייגנשאַפֿטן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט: „רחמנות" צו זיך און צו דער גאַנ־צער מענטשהייט; זײַן כסדרדיקער „קאָנפֿליקט מיטן מענטשן"; זײַן „גרויזאַמקייט"־טעאָריע וועגן לעבן; זײַן „איינגעמויערטע איינזאַמקייט אין אַ וועלט פֿון קאָשמאַרן"; זײַן ציניזם, לײַכטזיניקייט און אומצוטרוי צו מענטשן; זײַן זעלבסט־פֿייניקונג און זײַן לערע וועגן דער נויטווענדיקייט פֿון דער דעגראַדאַציע פֿון מײַן מענטש אַלס אַ באַרעכטיקונג פֿון דער פֿי־לאָסאָפֿיע, אַז ס'איז ניטאָ קיין גוטס אָן שלעכטס און אָן לײַדן. אין איין אָדער אַן אַנדערער פֿאָרם געפֿינען זיך אָט־די עלעמענטן כמעט אין יעדן איינעם פֿון טשאַפּלינס וויכטיקסטע פֿילמס ביז 1952, ביז „לאַימלאַיט".

אין „לאַימלאַיט" לעבט טשאַפּלינס פּאָזיטיווער העלד, קאַלוועראָ, מיטן באַוואוסטזײַן, אַז די וועלט באַלאַנגט צו אים — צום מענטשן, און אַז ער, דער מענטש, קאָן באַהערשן אַלע קרעפֿטן אין דער נאַטור און אין דער ציוויליזאַציע, וועלכע באַדראָען זײַן שעפֿעריש לעבן. דידאָזיקע לערע

ברענגט קאַלווערראַ צו טערין, וועלכע דריקט־אויס, אין איר פאַרצווייפלונג, איר הבֿ־הבלים קוק אויפן לעבן אין די פאָלגנדיקע ווערטער:

„... אָ, אַלץ איז פּוסט און זינלאָז. איך זע דאָס אפילו אין די בלומען — איך הער דאָס אפילו אין מוזיק... דאָס גאַנצע לעבן איז אָן אַ ציל, אָן אַ זין..."

קאַלווערראַ קלערט־אויף:

„צוליב וואָס דאַרפסטו אַ זין? דאָס לעבן איז אַ באַגער... באַגער — דאָס איז די טעמע פון גאַנצן לעבן... וויכטיק איז דאָס, וואָס מאַכט אַ רויז צו וועלן זיין אַ רויז און צו וועלן וואַקסן ווי אַ רויז... וויכטיק איז, וואָס אַ פעלז וויל זיין אַ פעלז און בלייבן אַ פעלז"...

אין זיינע געשפּרעכן אינעם פילם „לאַימלאַיט" מיט טערין, מיט דער כוונה צוריקצוברענגען זי צו שעפערישקייט און צום קאַמף פאַרן לעבן, באַווייזט ער די גרויסקייט און מעכטיקייט פונעם מענטשן און פון לעבן:

„... עס האָט גענומען ביליאָנען יאָרן צו אַנטוויקלען מענטשלעכן באַוואוסטזיין... און דו ווילסט דאָס אָפּווישן... אָפּווישן דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין דער גאַנצער וועלט... וואָס קאָנען דען די שטערן אויפ־טאָן? גאָרנישט — זיי קאָנען בלויז זיך דרייען אַרום זייער אַקס. נו, און די זון, וואָס שיסט מיט פלאַמען צוויי הונדערט מיט אַכציק טויזנט מייל הויך — נו, איז וואָס? זי פאַרשווענדט בלויז אירע נאַטירלעכע אוצרות. קען דען די זון טראַכטן? איז זי באַוואוסטזיניק? ניין, אָבער דו קאָנסט יאָ טראַכטן! אָבער דו האָסט באַוואוסטזיין...!"

מיטן באַוואוסטזיין פונעם מענטשן, ווייזט־אָן קאַלווערראַ, קומט דער קאַמף פאַרן לעבן:

„... פאַרוואָס, פרעגסטו, קעמפן?... פאַר אַלץ! פאַרן לעבן גופא! צו לעבן, ליידן און הנאה האָבן פונעם לעבן. פאַרוואָס קעמפן? דאָס לעבן איז אַ שיינע און פרעכטיקע זאַך, אפילו פאַר אַ פרימיטיוון פיש... די צרה מיט דיר איז, וואָס דו ווילסט ניט קעמפן... דו האָסט זיך אונטער־געגעבן! שטענדיק ביסטו פאַרנומען מיט רעיונות וועגן קראַנקהייט, וועגן טויט. ס'איז אָבער דאָ אַ זאַך, וואָס איז פונקט אַזוי אוממפאַרמיידלעך ווי טויט — און דאָס איז דאָס לעבן... לעבן... לעבן... לעבן... פאַר־טראַכט זיך נאָר וועגן דעם כוח, וואָס באַהערשט די וועלט.. באַוועגט די ערד... מאַכט בוימער צו וואַקסן. אָט־די זעלבע מאַכט געפינט זיך דאָך אין דיר, אויב דו וועסט האָבן די געוואַגטקייט און דעם ווילן זי צו באַ־נוצן"...

קאַלווערראַ ברענגט־צונויף אינעם פילם „לאַימלאַיט" די טענצערין טערי מיט אַ יונגן מוזיקער, וועמענס שעפעריש לעבן ווערט געשטעלט אין געפאַר, ווען אין אייראָפּע ברעכט־אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. קאַל־ווערראַ אַליין טראָגט זיך אָפּ נאָכדעם, ווי ער האָט איינגעפלאַנצט אין האַרצן און אין מוח פון טערין זיין גלויבן אין מענטשן, אין באַוואוסטזיין און כוח פון מענטשן, אין לעבן גופא. ביי זיין לעצטער געזעגעניש מיט טערין

זינגט־אויס טשאַפּלינס העלד, קאַלווערו, זיין שיר־השירים פאַרן מענטש,
פאַרן לעבן:

„... ער וועט דיר דערציילן, אַז ער האָט געשאַפן אַ באַלעט פאַר דיר.
דאַן וועסטו באַגרייפן ווער ער איז און דו וועסט אים דערציילן ווער דו
ביסט... און ווי איר האָט זיך געטראָפן צום ערשטן מאָל... אין יענעם
אָוונט וועט איר צוזאַמען פאַרברענגען אויף אַ באַלקאָן ביים טעימס טייך...
ס'וועט זיין אַ זומער־אָוונט... און גאַנץ לאָנדאָן וועט אויסזען פאַרחלומט
און שיין... און אין דער פּרעכטיקער מעלאַנכאָליע פון בין־השמשות, ווען
דאָס ליכט וועט פלאַטערן און מאַכן דיינע אויגן צו טאַנצן, וועט ער זאָגן,
אַז ער ליבט דיך, און דו וועסט זאָגן, אַז דו האָסט אים שטענדיק ליב גע־
האַט... יאָ, דאָס לעבן קאָן באמת זיין וואונדערלעך, אויב דו האָסט נאָר
קיין מורא ניט פאַרן לעבן. אַלץ, וואָס מען דאַרף האָבן, איז מוט...
פאַנטאַזיע"...

**.5**

אין טשאַפּלינס פילם „לאַימלאַיט" געפינען זיך די גרונט־עלעמענטן
פון זיינע פריערדיקע רייפע פילם־שאַפונגען: קריטיק אויף דער ציוויל־
ליזאַציע, ווי זי איז, און אַנטי־מלחמה שטימונגען און איבערצייגונגען.

טשאַפּלינס העלד, דער פּשוטער מענטש פון אַ גאַנץ יאָר, וועלכער האָט
אַליין דורכגעמאַכט די מלחמה אין „שאָלדער אַרמס" פון 1918; האָט פּראָ־
טעסטירט אין „מאָדערנע צייטן" פון 1936 קעגן אַלע אומרעכטן פון דער
אינדוסטריעלער עקספּלואַטאַציע; האָט גערופן צום קאַמף קעגן פאַשיזם
און נאַציזם און פאַר אַ וועלט פון שלום אין „דער גרויסער דיקטאַטאָר" פון
1940, און האָט דורכגעלעבט אַליין דעם קאָשמאַר פון דעם דעגראַדירטן
מענטשן אינעם פּעריאָד פון מלחמה־צוגרייטונגען און מלחמה־פּראָפּיטן
אין „מעסיע ווערדו" פון 1947 — דערדאָזיקער טשאַפּלין־העלד האָט אין
1952 שוין ניט געקאָנט און ניט געוואָלט אָפּזאָגן זיך פונעם נייעם באַוואוסטזיין,
צו וועלכן ער איז געקומען אין רעזולטאַט פון זיינע פּערזענלעכע דערפאַרונגען
און אין רעזולטאַט פון זיין קאָנטאַקט מיט די באַוואוסטזיניקע און קעמ־
פערישע שיכטן פונעם פאָלק.

מיטן פולן באַוואוסטזיין וועגן דער הויפּט־פּראָבלעם, וואָס איז גע־
שטאַנען פאַר דער מענטשהייט אין 1952 — קאָ־עקזיסטענץ אָדער קאָ־
זאַמקום — האָט טשאַפּלינס העלד אינעם פילם „לאַימלאַיט" פּראָקלאַמירט:

דאָס לעבן איז דער עיקר!

דער מענטש אין לעבן איז דער עיקר!

דער באַוואוסטזיין פון מענטשן וועגן שיינקייט פון לעבן, וועגן קאַמף
פאַרן לעבן און וועגן דער מעכטיקייט פון מענטשן גופא איז דער עיקר!

אינעם פילם „לאַימלאַיט" האָבן טשאַפּלין און זיין העלד פּראָקלאַמירט
פאַר דער גאָרער וועלט:

וועט דאָס לעבן געראַטעוועט ווערן — דורך באַוואוסטזיניקן קאַמף פון מענטשן פאַר שלום — וועט דער מענטש געראַטעוועט ווערן פון אומ־קום, און דער מענטש, ווי ער ווערט פאַרגעבראַכט דורך די קינסטלער קאַלוועראָ און טערי אינעם פילם, מאַרשירט דאָך כסדר פון דור צו דור אויף די שעפערישע וועגן פון פראָגרעס און פאַרשריט.

מיט אַט־דעם באַוואוסטזיין און מיט אָט־דער טיפער און אינערלעכער איבערצייגונג האָט טשאַפלין אָנגענומען אין פרילינג, 1954, די שלום־



דער אימיגראַנט: זיין ערשטער מאָלצייט אין אַמעריקע („דער אימיגראַנט", 1917).

פרעמיע, וואָס די פעלקער פון דער וועלט האָבן אים צוגעטראָגן אין זיין נייער היים אין שווייץ דורך דעם אַלוועלטלעכן שלום־ראַט.

טשאַפּלין האָט אָנגענומען די שלום־פּרעמיע באהבה. דידאַקטיקע פייער־לעכע געשעעניש האָט טשאַפּלינען געגעבן אַ מעגלעכקייט צו צעשטערן נאָך איין מחיצה, וואָס איז אין משך פון יאָרן אויפגעשטעלט געוואָרן צווישן פאָלקס־קינסטלער און די ברייטע פאָלקס־מאַסן דורך דער אין־שפּאַן באַ־וועגנדיקער האָליוואוד, וועלכע האָט אַרויפגעצוואונגען די אָפּגעזונדערטקייט פון פילם־קינסטלער פון דער רעאַלער וועלט מיט אירע פּראָבלעמען.

בייב אָננעמען די שלום־פּרעמיע, אָנהויב יוני, 1954, האָט טשאַפּלין, דער פילם־קינסטלער פון סאָציאַלן פּראָטעסט און טרוימער פון וועלט־שלום, ווידעראַמאָל אונטערשטראָכן:

„דער דראַנג פאַר שלום נעמט־אַרום די גאַנצע וועלט. איך האַלט, אַז ס׳איז אַ ריכטיקע האַנדלונג צו שטאַרקן די באַוועגונג פאַר שלום — צי דאָס ווערט געטאָן אין מזרח אָדער אין מערב. דערפאַר באַטראַכט איך עס פאַר אַ כבוד און איך פיל זיך גליקלעך צו קריגן די שלום־אויסצייכענונג.

„לאָמיר זיך אומקערן צו דעם, וואָס איז נאַטירלעך און געזונט אין מענטשן — צו דעם גייסט פון גוטן ווילן, וואָס איז דער קוואַל פון יעדער אינספּיראַציע און פון אַלץ, וואָס איז שעפעריש און נאָבל.

„לאָמיר אַרבעטן צו דערשלאָגן זיך צו אָט־דעם ציל — אַ גלאָררייכע עפּאָכע פון שלום, אין וועלכער אַלע פעלקער וועלן לעבן גליקלעך".



קאַפּיטל ז

# פּאַנטאָמימע, מוזיק, באַלעט אין טשאַפּלינס פילם־שאַפונגען

1. פּאַנטאָמימע — טשאַפּלינס פילם־שפּראַך
2. טאַנץ און באַלעט אין טשאַפּלינס פילמס
3. טשאַפּלינס מוזיק־שאַפונגען
4. טשאַפּלינס קונסט־מיטלען



טשאַפּלינס טאַנץ־שאַפונג וועגן געיאָגטן אַרבעטער
אין פאַבריק („מאָדערנע צייטן”)

# פאַנטאָמימע, מוזיק, באַלעט אין טשאַפּלינס פילם־שאַפונגען

1.

פאַנטאָמימע, מוזיק, טאַנץ און באַלעט האָבן פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט — אָפט דעם אויבן־אָן — אין דער פילם־קונסט נאָך אין יענע צייטן, ווען זי, די פילם־קונסט, האָט זיך געפונען אין די וויקעלעך, אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. טשאַרלי טשאַפּלין איז, אַזוי אַרום, ניט געווען דער ערשטער, וואָס האָט געבראַכט אין דער פילם־וועלט אָט־די וויכטיקסטע עלעמענטן פון דער נייער קונסט פאַרן פאָלק.

טשאַפּלינס אויפטו אויף דעם געביט איז באַשטאַנען הויפּטזעכלעך אין דעם, וואָס ער האָט אַריינגעוועבט זיינע מוזיק־און באַלעט־שאַפונגען אַלס אומאָפּטיילבאַרע קונסט־עלעמענטן פון זיינע פילם־שאַפונגען און ער האָט באַרייכערט די פאַנטאָמימע־שפּראַך.

נאָך איינעם פעריאָד פון די שטומע פילמס פלעגט אַן איינזאַמער פּיאַנאָ־שפּילער אָדער אַ גרופּע שפּילער באַגלייטן דעם פילם מיט מוזיק־נומערן. דער צוועק פון די מוזיק־נומערן איז געווען אַרויסצוהעלפן די הילפלאָזע פילם־שוישפּילער פון יענער צייט פאַרצוברענגען אויפן לייוונט אַן איבערצייגנדיקע געשיכטע, אַרויסצוהעלפן דעם הילפלאָזן רעזשיסער צו שאַפן אַ געהעריקע אַטמאָספער פאַרן פילם, אָדער צו באַווירקן די צושויער, אַז זיי זאָלן גלויבן אין דער אויפריכטיקייט פון די געפילן, וואָס די שוי־שפּילער האָבן געזוכט אויסצודריקן.

פון אָט־דעם ציל האָט האָליוואוד זיך ניט אָפּגעזאָגט אויך אין דעם פעריאָד, ווען די יונגע פילם־קונסט איז טעכניש רייף געוואָרן און האָט באַקומען לשון — אינעם פעריאָד פון קלאַנג־פילמס אָדער רייד־פילמס. אויך איצט באַנוצט האָליוואוד מוזיק הויפּטזעכלעך ווי אַ געהילף־מיטל פאַר דער פילם־קונסט, וואָס האָט אירע אייגענע רייכע און קאָלירפולע שפּראַך, די שפּראַך פון פאַנטאָמימע — אַ פאָרשטעלונג אָן ווערטער, אין וועלכער אַלץ ווערט אויסגעדריקט דורך פאַרשיידענע ריטמישע קערפּערלעכע באַוועגונגען, איינגעהאַלטענע זשעסטן און געפילפולע מימיק. איצט, ווען די טעכניק פאַרצוברענגען די קאָמפּליצירטסטע קלאַנגען אויפן לייוונט איז פאַרפולקאָמט געוואָרן, פאַרנעמען פּשוטע רייד, ווי אויף דער טעאַטער־בינע,

דעם אויבן־אָן אין די מערסטע און וויכטיקסטע פילמס פון אונדזער צייט.

טעאַטער־דיאַלאָג, ווי אויף דער לעבעדיקער בינע, און מוזיק־קלאַנגען, ווי אין די לעבעדיקע מוזיקאַלישע ספּעקטאַקלען, האָבן אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר אַרויסגעשטויסן אויף אַ מעכאַנישן אופן די איינציקע שפּראַך פון פילמס — פּאַנטאָמימע. אין די האָליוואודער פילם־פאַבריקן ווערן אפילו געשאַפן גאַנצע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס צו באַגלייטן כמעט יעדן נייעם פילם.

נאָך אין 1921, ווען די פילם־וועלט האָט ערנסט אָנגעהויבן באַטראַכטן די מעגלעכקייט פון ריידנדיקע פילמס, האָט טשאַפּלין פּאָראויסגעזען די געפאַר פאַר דער פילם־קונסט. אין אַ געשפּרעך מיטן ענגלישן היסטאָריקער וועלס און מיט זיינע פריינט אין לאָנדאָן האָט טשאַפּלין דאַן געוואָרנט: „איך האַלט ניט, אַז די שטים (אין פילם) איז נויטיק... פילמס זיינען אַ קונסט פון פּאַנטאָמימע. אין קעגנפאַל קאָנען מיר זיך דאָך באַנוגענען מיט דער לעבעדיקער בינע".

שפּעטער־צו, שוין אין 1929, נאָך דער דערפינדונג און פאַרשפּרייטונג פון די ריידנדיקע פילמס, האָט טשאַפּלין פּראָטעסטירט: „ריידנדיקע פילמס? איך האָס זיי. זיי פאַרניכטן די עלטסטע קונסט אין דער וועלט — די קונסט פון פּאַנטאָמימע".

אויך אין טשאַפּלינס קלאַנג־פילמען פון די לעצטע יאָרן, „מאָדערנע צייטן", „דער גרויסער דיקטאַטאָר", „מעסיע ווערדו", „בינע־ליכט" און „אַ קעניג אין ניו־יאָרק" (1957), איז פּאַנטאָמימע געבליבן דער סאַמע וויכטיקסטער קונסט־עלעמענט. טשאַפּלינס ספּעציעלע מוזיק צו די דערמאָנטע פילמס, און אפילו דער דיאַלאָג איבער וויכטיקע צייטיקע פּראָבלעמען, זיינען אין זיינע קלאַנג־פילמס אַ באַשטאַנד־טייל און ניט קיין מעכאַניש־צוגעשטוקעוועטע אָדער קינסטלעך־אימפּאָרטירטע עלעמענטן פון דער בינע. אויך דער גאַנצער געבוי פון די דערמאָנטע טשאַפּלין־קלאַנג־פילמס איז באַזירט אויף די יסודות פון דער פּאַנטאָמימע־קונסט.

טשאַפּלין האָט אין די לעצטע יאָרן כסדר אונטערשטראָכן, אַז די ראָל פון מוזיק און קלאַנג דאַרף בשום אופן ניט דינען ווי אַ צודעק פאַר געוויסע בלויזן אין דעם סיפּור־המעשה אינעם פילם, אָדער אַלס אַ גלאַנציקע אָבער אינהאַלטסלאָזע באַפּוצונג צום פילם גופא. מוזיק און קלאַנג, האָט טשאַפּלין אָנגעוויזן, מוזן אויף אַ נאַטירלעכן אופן אַרויסוואַקסן פון דער אַנטוויקלונג אין דעם סיפּור־המעשה, פון די האַנדלונגען פון די העלדן אינעם פילם, פונעם כאַראַקטער פון די פילם־העלדן און פון שוישפּיל.

פון אָט־דעם קינסטלערישן שטאַנדפּונקט שאַפט טשאַפּלין אַליין די מוזיק פאַר זיינע פילמס, לויטן פּרינציפּ, אַז יעדע באַוועגונג אינעם פילם האָט איר אָפּשפּיגלונג אין מוזיק, אין קלאַנג. טשאַפּלינס מוזיק־שאַפונגען פאַר־מאָגן דעריבער די אַלע גרונט־שטריכן פון זיין פילם־שפּראַך: סאַטירע און קאָמעדיע, קאַריקאַטור און שאַרזש, פּאַטאָס, דראַמע און טראַגעדיע.

דעם זעלבן צוגאַנג האָט טשאַפּלין אויך צו די אַנדערע הויפּט־עלעמענטן פון דער פילם־קונסט — אין דער ערשטער ריי: באַוועגונג, טאַנץ, באַלעט.

2.

די פיאָנערן פון דער פילם־קונסט האָבן באַנומען די וויכטיקייט פון באַוועגונג, טאַנץ און באַלעט. די שוישפּילער פון די שטומע פילמס האָבן שוין אין די ערשטע יאָרן גענוצט באַוועגונג, אָפט האַמעטנע באַוועגונג, אויף צו דערציילן פון שטומען לייוונט אַ געשיכטע אָדער אויסצודריקן די געפילן פון די העלדן. ס'איז דעריבער קיין צופאַל ניט, וואָס אַזעלכע „שטערן״ פון די פאַרגאַנגענע יאָרן, ווי ליליען און דאָראָטי גיש, איינאַ קלער, רוט טשאַטערטאָן, מעיבל נאָרמאַנד און מירנאַ לאָי, האָבן נאָך אין 1915 געלערנט באַוועגונג, טאַנץ און באַלעט ביי דער באַרימטער קינסטלערין רוט סעינט דעניס.

די פילם־וועלט האָט אויך געהאַט אָנערקענט נאָך אין די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ דעם ווערט פון מאַסן־טאַנץ־ספּעקטאַקל פאַר דער פילם־קונסט. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט טאָמאַס עדיסאָן געשאַפן אין 1913 דעם פילם „דער טאַנץ פון אַלע יאָרן״ — אַ פילם־געשיכטע, וואָס הויבט זיך אָן מיט די טענץ פון די אוראַלטע צייטן און ענדיקט זיך מיט די „מאָדערנע״ טענץ פונעם אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

עד היום, ווי באַקאַנט, ספּעציאַליזירט זיך האָליוואוד אין אַרויסברענגען אויפן לייוונט מאַסן טאַנץ־ספּעקטאַקלען, ווי דער קלאַסישער פילם, „אַן אַמעריקאַנער אין פּאַריז״, מוזיק לויט דזשאָרדזש גוירשווין מיטן אָנטייל פון דזשין קעלי, אָדער „סאַוט פּאַסיפיק״, אַ קאָלירפולער פילם־ספּעקטאַקל וועגן מלחמה.

אָט־די טאַנץ־ספּעקטאַקלען אין פילמס האָבן אָבער פאַרמאָגט און פאַרמאָגן אויך איצט אַ גרונט־חסרון. די רייכע שפּראַך פון באַוועגונג, דורך טאַנץ און באַלעט, דורך קאָלירפולער מוזיק, ווערט אויסגענוצט אויף אויס־צובאַהאַלטן פונעם צושויער די קינסטלערישע אָרעמקייט פונעם אינהאַלט. אָט־דער פונקט ווערט געענוי באַשטעטיקט דורכן פילם „סאַוט פּאַסיפיק״, אין וועלכן טאַנץ און מוזיק העלפן פאַרוואַנדלען די פאַטעטישע מלחמה־שיל־דערונגען אין פּאַסיפיק אין אַ לוסטיקן האָפּלאַ פילם־ספּעקטאַקל. אין אָט־די ספּעקטאַקלען ווערן באַוועגונג און מוזיק אויך באַנוצט אויף צו פאַרדעקן די אָרעמקייט אין קינסטלערישע מיטלען אויף צו דערציילן אַ פולבלוטיקע געשיכטע און אַרויסצוברענגען אויפן לייוונט לעבעדיקע מענטשן און גע־שטאַלטן, העלדן מיט כאַראַקטער און לעבנס־אינהאַלט.

טשאַפּלינס באַוועגונגען אין זיינע פילמס, טשאַפּלינס באַלעט־נומערן און מאַסן־טענץ זיינען אָבער אַן אָרגאַנישער טייל פון זיינע פילם־שאַפונ־גען, ווייל זיי באַרייכערן, פריער פון אַלץ, די שפּראַך פון פילמס — פּאַנ־טאָמימע.

שוין אין זיינע ערשטע פילם־קאָמעדיעס האָט טשאַפּלין אַריינגעבראַכט, פאַר אָט־דעם צוועק, טאַנץ־סצענעס. אַזעלכע טאַנץ־סצענעס געפינען זיך אויך אין „טאַנגאָ טאַנגלס״ (1914), „דהי קאַונט״ (1916), „אידל קלאַס״ (1921), „דהי קיד״ (1921) און אין פיל אַנדערע פילם־קאָמעדיעס פון יענער צייט.

אינדיווידועלע טאַנץ־נומערן אָדער גאַנצע באַלעט־שאַפונגען געפינען זיך אויך אין „סאַניסאַיד" (1919) — דער טאַנץ פון די שיינהייטן; „פּיל־גרים" (1922) — די שלאַכט צווישן דוד און גליתן; „גאָלד ראַש" (1925) — דער טאַנץ פון גאָפּל־און־לעפל; „מאָדערן טאַימס" (1936) — דער טאַנץ פון דעם געפּייניקטן אַרבעטער, אַ קרבן פון אַרבעטס־געיעג; „דהי גרעיט דיקטעיטאָר" (1940) — דער טאַנץ פון דעם גרויסן דיקטאַטאָר אַרום באַלון, דעם ערד־קיילעך; „לאַימלייט" (1952) — דער טאַנץ פון די קלאָונען און „עי קינג אין ניו־יאָרק" (1957) — דער טאַנץ פון קעניג צו רעקלאַמירן אַ נייעם פּראָדוקט.

ביי אַנדערע האָליוואוד־שוישפּילער, אין דעם פּעריאָד פון „שטומע" פילמס, איידער די בינע־קונסט פון ווערטער האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון פּאַנטאָמימע, האָט אַ מעכאַנישע באַוועגונג מיט דער האַנט, מיטן קאָפּ אָדער פוס, בלויז אונטערשטראָכן די הילפלאָזיקייט פונעם שוישפּילער צו „ריידן" אויף דער פילם־שפּראַך, פּאַנטאָמימע. טשאַפּלינס ריטמישע באַוועגונגען האָבן גערעדט און רעדן עד־היום די שפּראַך, די איינציקע שפּראַך, פון פילמס.

„טשאַרלי קאָן אַרויסברענגען פולשטענדיקע פאַרצווייפלונג דורך אַ קנייטש מיט דער פּלייצע", האָט דערקלערט דער זשורנאַל „דענס", און פאַרגעזעצט: „ער קאָן אַרויסברענגען ווידערשטאַנד דורך אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, קאָמפּלוסטיקייט דורך אַ קער מיטן קאָפּ... דאָ האָבן מיר פּילצאָליקע עלעמענטן פון טשאַפּלינס קונסט, וואָס דערמאָנען אין אַ טענ־צער; די גראַציעזקייט און פּינקטלעכקייט, פּונקט אַזוי ראַפּינירט און באַפּוצט ווי ביי אַ טאַנץ־קינסטלער; די שאַפונג פון אַ כאַראַקטער, וואָס ווערט באַלד דערקענט און אָנערקענט אַלס מענטשלעך, כאָטש ער רעדט ניט אויס קיין וואָרט, און אַ שפע פון אויסדרוקן דורך באַוועגונגען און זשעסטן" („דענס", ניו־יאָרק, מאַי, 1952).

3.

טשאַפּלין האָט אויף זיין ערשטן באַזוך אין איראָפּע, אין 1921, זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ לענגערער צייט אין זיין געבורטסלאַנד, ענגלאַנד. ער האָט פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט אין לאָנדאָן, באַזוכט די געגנטן פון אָרעמקייט אין שטאָט, וואו ער איז געבוירן געוואָרן און האָט געקראָגן, אויף די גאַסן פון שטאָט, זיין דערציאונג, זיין בילדונג.

וועגן איינעם אַזאַ באַזוך דערציילט טשאַפּלין:

„איך פאָר ווידעראַמאָל איבער קעניגנגטאָן־וועג (לאָנדאָן). איך פאָר פאַרביי קעניגנגטאָן־קראָס. אָט־דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל זיך באַקענט מיט דער אויסערגעוויינלעכער שיינקייט פון מוזיק — אַ שיינקייט, וואָס האָט מיך פאַרכאַפּט און האָט מיך באַגלייט אויף מיינע וועגן פון יענעם מאָמענט אָן...

„דאָס אַלץ איז זיך פאַרלאָפן ביינאַכט, ווען איך בין דאָרט געווען. איך בין דאַן נאָך געווען אַ יינגל. די שיינקייט פון מוזיק האָט מיך פאַרכאַפּט ווי אַ זיסע מיסטעריע... איך האָב ניט פאַרשטאַנען. איך האָב בלויז געוואוסט,

אַז איך האָב עס ליב. איך האָב זיך דערפילט דערהויבן בשעת די קלאַנגען (פון האַרמאָניקע און קלאַרנעט) האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין מיין האַרץ אין מיין מוח. דאָס איז געווען מיין ערשטע דערוואַכונג פאַר מוזיק...״

דאָס לעבן איז אויך אין געביט פון מוזיק געווען טשאַפּלינס שול, זיין אוניווערזיטעט. זינט יענעם דערהויבענעם מאָמענט האָט טשאַפּלין זיך אַ נעם געטאָן צו אַנטוויקלען אין זיך זיין פאַרבאָרגענעם טאַלאַנט פאַר מוזיק, פאַר מעלאָדישע קלאַנגען, פאַר מוזיקאַלישע שאַפונגען.

נאָך אַלס יינגל, ווען ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער פרעד קאַרנאָ טרופּע (אין ענגלאַנד), האָט טשאַפּלין זיך איינגעשאַפט אַ טשעלאָ. שעה׳ן־לאַנג פלעגט ער ביחידות פּראַקטיצירן אויפן אינסטרומענט, אָן דער הילף פון אַ לערער, בעת די אַנדערע מיטגלידער פון דער טרופּע פלעגן רוען צווישן איין טור און אַ צווייטן.

מיט יאָרן שפּעטער, נאָכדעם ווי טשאַפּלין האָט שוין געהאַט אונטער־געשריבן אַ קאָנטראַקט מיט דער „עסעניי״־פירמע אין אַמעריקע, אין 1915, האָט ער זיך איינגעשאַפט אַ פידל. אין די שפּעטע שעה׳ן פון דער נאַכט, נאָך אַ שווערן און אָנגעשטרענגטן אַרבעטס־טאָג אין דער פילם־סטודיאָ, פלעגט טשאַפּלין זיצן ביי זיך אין צימער און שפּילן, ניט־געקוקט אפילו אויף די פּראָטעסטן פון זיינע שכנים.

טשאַפּלין האָט אַזוי אַרום זיך פאַרפולקאָמט אין זיינע מוזיקאַלישע באַמיאונגען און האָט געקראָגן אַ מעגלעכקייט דעם 20טן פעברואַר, 1916, צו דיריגירן אַ סימפאָנישן אָרקעסטער אויף אַ בענעפיט־קאָנצערט אין דעם ניו־יאָרקער היפּאָדראָם. דער אָרקעסטער האָט יענעם אָוונט, אגב, אויך געשפּילט, אונטער טשאַפּלינס אָנפירונג, די צוויי מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס: „דער פּאָעט און דער פּויער״ און „די שלום־וואַך״. „די שלום־וואַך״ איז געווען זיין אייגענע מוזיקאַלישע שאַפונג.

אין משך פון די יאָרן האָט טשאַפּלין זיך אויסגעלערנט שפּילן אויך אויף אַ צאָל אַנדערע אינסטרומענטן, צווישן זיי: פּיאַנאָ, אַקאָרדיאָן, טשעלאָ און רערן־אָרגאַן. ער האָט געשאַפן מוזיק פאַר אַ צאָל פון זיינע ווichטיקסטע פילמס, ווי „סיטי לאַיטס״, „מאָדערן טאַימס״, „גרעיט דיקטעיטאָר״, „לאַים־לאַיט״ און „אַ קינג אין ניו־יאָרק״.

עד־היום שפּילט טשאַפּלין אויף די דערמאָנטע אינסטרומענטן מיטן געהער. קיין מוזיק־נאָטן לייענט ער ניט. אויך זיינע בעסטע מוזיק־קאָמפּאָזיציעס שאַפט טשאַפּלין אויף אַ גאַנץ פּרימיטיוון אופן: ער זינגט אָדער שפּילט־אויס אַ מעלאָדיע, אָדער אַ טייל פון אַ מעלאָדיע, און אַ פּראָפעסיאָנעלער מוזיקער פאַרצייכנט דאָס אין נאָטן. שפּעטער־צו אַנטוויקלען און באַאַרבעטן טשאַפּלין און דער מוזיקער די איינצלנע מעלאָדיעס און ניגונים אין פולקאָמע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע ווערן איינגעשלאָסן אַלס אָרגאַנישע טיילן אין זיינע פילמס.

אַלס ביישפּיל פון טשאַפּלינס מעטאָד אין שאַפן מוזיק פאַר זיינע פילמס קאָן דינען די דערפאַרונג, וואָס דער מוזיקער ר׳עי ראַש האָט געהאַט ביי צוגרייטן די שטאַרק־פּאָפּולערע מוזיק פאַרן פילם „לאַימלאַיט״.

ראַש איז געווען אַן אומבאַקאַנטער יונגער פּיאַנאָ־שפּילער, ווען טשאַפּ־

לין האָט אים אַנטדעקט. טשאַפּלין האָט זיך אונטערגענומען צו צאָלן אים פינף דאָלאַר אַ שעה פאַר אַ זיבן־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג פון שרייבן מוזיק. קיין פריערדיקע דערפאַרונג אין שרייבן מוזיק האָט ראַש ניט געהאַט.

„אין אָנהויב האָב איך געמיינט״, דערציילט ראַש, „אַז איך האָב דאָ פאַר זיך אַ ווילדן מענטשן. איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז איך האָב פאַר זיך אַ גאון פון מוזיק (זשעני) ביי דער אַרבעט. אין משך פון לאַנגע שעה׳ן פלעגט ער (טשאַפּלין) טומלען. איך פלעג קאָנען אויפכאַפּן בלויז אַ זינלאָזן מישמאַש. פּלוצים פלעגט ער פאַרציען אַ ניגון און אויף אַן אָרט אויסשרייען, אַז איך זאָל דעם ניגון אויסשפּילן אויף דער פּיאַנאָ אָדער פאַרצייכענען דעם ניגון אין נאָטן. פאַר מיר איז דאָס באמת געווען אַ וואונדערלעכע דערפאַרונג, און איך האָב זיך פיל אויסגעלערנט וועגן מוזיק — זאַכן, וואָס איך האָב ביז דאַן ניט געוואוסט״.

אויף אַזאַ אופן האָט טשאַפּלין אין משך פון ניין חדשים געשאַפן פאַר דעם פילם „לאַימלאַיט״ אַ פולע קאָנטשערטאָ; מוזיק פאַר זיינע אייגענע דריי לידלעך אינעם פילם, און מוזיק פאַר אַ גאַנצן באַלעט.

טשאַפּלינס מוזיק פאַר „לאַימלאַיט״ איז, אגב, געוואָרן שטאַרק פּאָ־פּולער איבער דער וועלט, אויב ניט פּאָפּולערער אפילו פון דעם פילם גופא. די מוזיק ווערט עד־היום פאָרגעבראַכט פאַר מיליאָנען מענטשן אין אַלע טיילן פון דער וועלט דורך די שפּיל־קאַסטנס אין די פּאָפּולערע פאַרוויילונגס־פּלעצער און דורך דער ראַדיאָ. די וועלט־פּרעמיערע פון טשאַפּלינס מוזיק־שאַפונגען פאַר דעם פילם „לאַימלאַיט״ איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 9טן אָקטאָבער, 1952, אויף דער ניו־יאָרקער ראַדיאָ־סטאַנציע „דאַבליו־קיו־עקס־אַר״ און איז פאַרצייכנט געוואָרן אַלס אַ היסטאָרישע דאַטע אין דער וועלט פון מוזיק־קונסט.

4.

טשאַרלי טשאַפּלין האָט אין משך פון אַלע יאָרן אַריינגעקראָגן אַן אַ שיעור קאָמפּלימענטן פאַר זיינע קינסטלערישע בייטראָגן אויפן געביט פון באַלעט און פילם־טאַנץ.

„ווען איך טראַכט וועגן טשאַפּלינען״, האָט געשריבן דער באַרימטער פראַנצויזישער פילם־קריטיקער לואי דעלוק, „קומט מיר אויפן געדאַנק ניזשינסקי״.

טשאַפּלינס ביאָגראַפער אין אַמעריקע, טעאָדאָר האָף, האָט מיט יאָרן שפּעטער באַמערקט, אַז „די סצענע אויף דער אַרבעטס־בירזשע (אינעם פילם „אַ הינטיש לעבן״) איז ריינער באַלעט און צייכנט זיך אויס מיט דייטלעכקייט און קלאָרקייט פון אויסדרוק״.

דער האָליוואוד־שוישפּילער וו. ס. פילדס, וועלכער האָט קיינמאָל ניט אַרויסגעוויזן צופיל פריינטשאַפט צו טשאַפּלינען און האָט פאַקטיש געזוכט צו קאָנקורירן מיט אים אויפן געביט פון דער פילם־קאָמעדיע, האָט אָפּגע־האַרציק צוגעגעבן: „טשאַפּלין איז דער בעסטער טענצער, וואָס איז מיר באַקאַנט״.

די דערמאָנטע אויטאָריטעטן אויפן געביט פון דער פילם־קונסט האָבן

אין זייערע לויב־געזאַנגען זיך אָפּגעשטעלט הויפּטזעכלעך אויף טשאַפּלינס פּאַנטאָמימע־שפּילן און האָבן ווייניק אָנגערירט זיין בייטראָג צו דער קונסט פון באַלעט־קאָמפּאָזיציעס.

מאַרטאַ גרעיהעם, די באַרימטע אַמעריקאַנער שאַפערין פונעם מאָדערנעם באַלעט, האָט געגעבן אַ פולערן בילד ווען זי האָט אונטערגעשטראָכן: „אין תוך געגומען איז טשאַפּלין אַ טענצער, ווייל ער האָט כסדר אַויסגעטאַנצט זיינע ראָלן. ער פאַרמאָגט אויך די פולע וואַכזאַמקייט פאַר באַוועגונג".

אַן ענלעכע אָפּשאַצונג פון טשאַפּלינס באַלעט־שאַפונגען האָט געגעבן דער באַרימטער ענגלישער שרייבער טאָמאַס בוירק, וועלכער איז געווען גוט באַקאַנט סיי מיט טשאַפּלינס פילם־שאַפונגען, סיי מיט טשאַפּלינען גופא. „טשאַפּלינס באַוועגונגען", האָט בוירק געשריבן, „זיינען אַזוי פּיקאַנט און שאַרף און פּינקטלעך, געניי ווי פון אַ באַלערינע".

אָבער טשאַפּלין איז קיינמאָל אין זיין לעבן ניט געגאַנגען אין קיין באַלעט־אָדער טאַנץ־שול. ער איז אויך קיינמאָל ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער טענצער. אָט־דער מייסטער פון באַלעט, באַוועגונג און טאַנץ, האָט אָבער אין משך פון פיל יאָרן זיך ספּעציאַליזירט אין ריידן צו מיליאָנען אין דער פאַרשטענדלעכסטער שפּראַך, פּאַנטאָמימע, און במילא אויך אין אַנטוויקלען און באַרייכערן אָט־די שפּראַך. באַוועגונג, טאַנץ און באַלעט זיינען דער שורש פון דער פּאַנטאָמימע־שפּראַך. נאַטירלעכערווייז האָט טשאַפּלין זיך פאַרוואַנדלט אין דעם מייסטער פון ריטמישער קונסט־באַוועגונג. ווי אויף אַנדערע געביטן פון זיינע פילם־שאַפונגען, אַרבעט טשאַפּלין אַליין אויס אין זיין קינסטלערישער פאַנטאַזיע די געהעריקע טענץ, די פּאַסיקע באַלעט־נומערן, וואָס פאַרפולקאָמען דעם פילם. דעטאַלן ווערן אַנטוויקלט דורך פּראָפעסיאָנעלע קינסטלער אויף דעם געביט, דורך פּראָפעסיאָנעלע טאַנץ־קינסטלער, וועלכע פירן דורך די מאַסן־טענץ און באַלעט־נומערן לויט טשאַפּלינס דירעקטיוון און אָנווייזונגען.

אויך אויפן געביט פון קונסט־באַוועגונג, טאַנץ און באַלעט, צייכנט זיך אויס טשאַפּלין מיט שפּאָרזאַמקייט אין קינסטלערישע אויסדרוק־מיטלען.

„איך מאַך יעדן פאַרזוך אַריינצוברענגען עקאָנאָמיע אין מיינע מיטלען. איך מיין דערמיט זאָגן, אַז ווען איין סצענע פירט צו צוויי אויסברוכן פון געלעכטער, איז דאָס אַ סך בעסער ווי צו נוצן צוויי סצענעס פאַר דיזעלבע רעזולטאַטן", האָט טשאַפּלין באַמערקט, ווען קריטיקער האָבן אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער איז אַן אויסברענגער ביי דער אַרבעט. זיי האָבן אויסגערעכנט קעגן דעם, וואָס ער פאַרנוצט אָפט זעכציק טויזנט פוס פילם, וועלכע עס וואָלט געדויערט וויזן אויפן לייוונט צוואַנציק שעה, אויף אַ פילם פון צוויי טויזנט פוס, וואָס עס נעמט בסך־הכל צוואַנציק מינוט צו וויזן.

טשאַפּלין איז פריער פון אַלץ זייער שטרענג צו זיך אַליין, ווען ער הויבט־אָן ריידן אויף דער פּאַנטאָמימע־שפּראַך. די זעלבע שטרענגקייט ווייזט־אַרויס טשאַפּלין צו זיינע מיטאַרבעטער, באַזונדערס ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ גרונט־עלעמענט פון דער פילם־שפּראַך, ווי טאַנץ און באַלעט. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער סטודיאָ אין האָליוואָוד

בעת דער פּראָדוקציע פון „לאַימלאַיט" דער פאָלגנדיקער כאַראַקטעריס־טישער אינצידענט:

נאָך אַ ריי רעפּעטיציעס איז פאָטאָגראַפירט געוואָרן, צום פערטן מאָל, אַ סצענע פון אַ טאַנץ־נומער, דורכגעפירט דורך דעם באַלעט־מייסטער אַנדרע עגלעווסקי. טשאַפּלין און די אַנדערע אָנוועזנדע אין סטודיאָ האָבן מיט גרויס אינטערעס נאָכגעפאָלגט די גראַציעזע און ריטמישע באַוועגונגען פון דעם טענצער. צווישן די אָנוועזנדע געסט, וועלכע האָבן באַוואונדערט די דורכפירונג פון דעם טאַנץ, האָבן זיך אין דער סטודיאָ אויך געפונען מיטגלידער פון דער ענגלישער „סעדלער־וועלס" באַלעט־גרופּע. ווען עג־לעווסקי האָט פאַרענדיקט דעם סאָלאָ־טאַנץ, האָט אין סטודיאָ אויסגעבראָכן אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן.

אויך טשאַפּלין האָט אַפּלאָדירט. ער איז אַרויפגעלאָפן אויף דער בינע און זיך אַרומגעכאַפּט מיטן טאַנץ־קינסטלער. דאַן האָט טשאַפּלין אָנגענומען עגלעווסקין ביי דער האַנט, אים צוגעפירט צו אַ צווייטן ווינקל פון דער בינע און פאַרלאַנגט פון אים אויסצוטאַנצן פונדאַסניי דעם זעלבן באַלעט־נומער. פאַר די פאָטאָגראַפערס פונעם פילם איז דאָס געווען אַ געוויינלעכער באַפעל ווידעראַמאָל צו „שיסן" די טאַנץ־סצענע. קענטיק, אַז ניט געקוקט אויף זיין אייגענער באַגייסטערונג, איז טשאַפּלינען עפּעס ניט געפעלן געוואָרן. טשאַפּלין, דער שאַפער פון דעם באַלעט־נומער, האָט געזוכט צו דערגרייכן די פּערפעקציע און אַרויסקריגן גענוי דעם טאַנץ, וואָס ער האָט אויסגעטרוימט אין זיין שעפערישער פאַנטאַזיע.

אין דער וועלט פון טאַנץ און באַלעט רעדט מען נאָך איצט מיט גרויס באַוואונדערונג וועגן אַזעלכע טשאַפּלין־שאַפונגען אויפן געביט פון קונסט־באַוועגונג, ווי דער פאַטעטישער טאַנץ פון דעם אַרבעטער אַרום די מאַשינען („מאָדערן טאַימס") און דער סאַרקאַסטישער טאַנץ פונעם גרויסן דיקטאַטאָר („גרויסער דיקטאַטאָר") אַרום דעם באַלון פון ערד־קיילעך. אָט־די צוויי עכטע באַלעט־נומערן, געשאַפן און דורכגעפירט דורך טשאַפּלינען, ווערן באַטראַכט אין דער וועלט פון קונסט, ווי קלאַסישעביישפּילן פון טשאַפּלינס שעפערישקייט אויף דעם געביט און ווי קלאַסישע ביישפּילן פון פולשטענ־דיקער איינשליסונג פון פּאַנטאָמימע און באַלעט אין פילמס. די דערמאָנטע צוויי באַלעט־נומערן און די פיל־אַנדערע טאַנץ־שאַפונגען אין טשאַפּלינס פילמס זיינען ניט קיין מעכאַניש־אַריינגעפלאָכטענע עלעמענטן, נאָר זיי שטרייכן אונטער געוויסע וויכטיקע מאָמענטן אין לעבן, מעשים, כאַראַקטערס און געפילן פון די העלדן. מיליאָנען וועריטער וואָלטן פאַרלוירן געגאַנגען ביים שילדערן די פאַרלוירנקייט פונעם אַרבעטער, וועלכער קומט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן אין אַ דירעקטן צוזאַמענשטויס מיט דעם מעכטיקן און באַהערשנדיקן גולם — די מאַשין, אָדער דעם קאָמיזם פונעם אָנגעבלאָזענעם און פוסטן דיקטאַטאָר, וועלכער מיינט, אַז מען קאָן זיך שפּילן מיט דער לעבעדיקער וועלט גענוי ווי אַ צעבאַלעוועט און שלעכט קינד שפּילט זיך מיט אַ לופט־באַלון.

קאַפּיטל ז

# שלום-עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין

1. שלום-עליכם רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן וועגן טשאַפּלינען

2. מנחם מענדל, טביה, מאָטל און טשאַפּלינס קליין מענטשעלע

3. שלמה מיכאָעלס און איציק פעפער אויף אַ באַזוך ביי טשאַפּלינען

4. שלום-עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין — די קינסטלער פון געלעכטער דורך טרערן

5. פאַר אַ וועלט אָן טרערן



טשאַרלי: אַ פליער, ברעכער, לויפער,
דרייער, אַ נעכטיקער טאָג...

צייכענונג פון מאַרק שאַגאַל

# שלום עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין

1.

אַמעריקע איז אין 1914 באַרייכערט געוואָרן מיט די שאַפונגען פון צוויי אימיגראַנטן, צוויי נייע אַמעריקאַנער: שלום-עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין.

טשאַפּלין, וועלכער איז אין 1913 אָנגעקומען צום צווייטן מאָל אויף אַ באַזוך אין אַמעריקע, האָט אין 1914 אָנגעהויבן איינצובירגערן זיך אין לאַנד דורך זיינע קורצע פילם-קאָמעדיעס. יעדע וואָך פלעגט אויפן לייוונט דער-שיינען אַ נייע טשאַפּלין-קאָמעדיע.

שלום-עליכם, וועלכער איז שוין געווען באַקאַנט און אָנערקענט אַלס קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור דורך זיינע צענדליקער גרעסערע הומאָריסטישע ווערק, איז אויך אָנגעקומען צום צווייטן מאָל אין אַמעריקע, אין 1914. באַלד נאָך זיין לאַנדן אין אַמעריקע האָט שלום-עליכם אָנגעהויבן פאָרזעצן, ווי שטענדיק מיט גרויס התמדה, זיינע ליטעראַרישע טעטיקייטן.

דער ברייט-באַקאַנטער, פּאָפּולערער און באַליבטער שלום-עליכם און דער יונגער און אומבאַקאַנטער טשאַפּלין האָבן פּערזענלעך קיינמאָל זיך ניט געטראָפן. טשאַפּלין איז כסדר געווען פאַרטאָן אין האָליוואוד, וואו ער האָט, מיט גרויסע שוועריקייטן, אויסגעטראָטן אַ נייעם וועג פאַר דער פילם-קונסט אין אַמעריקע און אין דער וועלט. שלום-עליכם, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין ניו-יאָרק, האָט זיך ניט אונטערגעגעבן זיין שווערער קראַנקהייט און האָט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן, דעם 13טן מאַי, 1916, געאַרבעט אויף נייע ווערק, איבערגעאַרבעט אַלטע שאַפונגען.

שלום-עליכם איז געווען צווישן די געציילטע אינטעלעקטואַלן אין אַמע-ריקע — אויך אויף דער יידישער גאַס — וועלכע האָבן געהאָלפן אַמעריקע צו „אַנטדעקן" טשאַפּלינען.

די מערסטע אינטעלעקטואַלן אין אַמעריקע, די מערסטע פון דער „סמע-טענע" אין דער געזעלשאַפט, די אַרויפגעאַרבעטע שיכטן פון דער באַפעל-קערונג אין לאַנד, האָבן דאַן נאָך געקוקט פון אויבן-אַראָפּ אויף דער נייער קונסט פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אויף דער נייער קונסט פאַר די מאַסן, די פילמס. שלום-עליכם איז געווען צווישן די ערשטע, וועלכע האָבן באַנומען און אָפּגעשאַצט דעם גרויסן ווערט פון דער פילם-קונסט אַלס

אינסטרומענט צו פאַרווײַלן, לערנען, אינפאָרמירן און אינספּירירן די ברייטע שיכטן פון דער מענטשהייט.

אַ לעבן לאַנג האָט שלום־עליכם געטרוימט וועגן איבערזעצן זיינע ווערק אין דער פילם־שפּראַך, וועגן שליסן אַ נאָענטע באַקאַנטשאַפט צווישן די מאַסן און זיינע באַליבטע העלדן מיט דער הילף פון דער נייער פילם־קונסט.

י. ד. בערקאָוויטש דערציילט אינעם „שלום־עליכם־בוך" אין דעם קאַפּיטל „ביים וואַרשטאַט", אַז שלום־עליכם האָט געהאַט צוגעגרייט נאָך אין אייראָפּע פילם־סצענאַריאָס פון זיין ראָמאַן „שווער צו זיין אַ ייד", ווי אויך פון „טביה דער מילכיקער", „דער פאַרכישופטער שניידער" און אַנדערע ווערק.

דער שוישפּילער און רעזשיסאָר פון מאָסקווער „הבימה" ב. טשעמערינסקי, האָט דערציילט אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער" פון מאַי 1926, נומער 104, אַז שלום־עליכמס גרעסטע וואונטשן זיינען געווען צו זען זיינע ווערק אויפגעפירט אין פילמס און אַז ער, שלום־עליכם, האָט אפילו פאַר־האַנדלט מיט זיינעם אַ רייכן פריינט וועגן גרינדן פאַר דעם צוועק אַן אייגענע פילם־געזעלשאַפט. שלום־עליכם, דערציילט וויטער טשעמערינסקי, האָט אין איין צייט שוין געזוכט אַ בחור פון אַ יאָר דרייצן אָדער פערצן צו שפּילן די ראָל פון „מאָטל פייסי דעם חזנס".

שלום־עליכם איז געוואָרן אַן אָפטער באַזוכער פון די קליינע פילם־טעאַטערס אין האַרלעם און בראָנקס, וואו ער האָט געוואוינט אין ניו־יאָרק. זיינע פריינט דערציילן, אַז שלום־עליכם פלעגט ניט דורכלאָזן קיין איין־און־איינציקן טשאַפּלין־פילם.

די בני־דור פון שלום־עליכם און זיינע נאָענטע פריינט פון יענעם פעריאָד שטרייכן־אונטער, אַז ניט בלויז האָט שלום־עליכם שטאַרק הנאה געהאַט פון טשאַפּלינס לייכטע פילם־קאָמעדיעס, נאָר אַז דער גוטמוטיקער און פריינטלעכער קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור האָט ניט גע־קאָנט פאַרטראָגן די קריטיק פון די פיינשמעקער קעגן דעם אויפגייענדיקן קלאַסיקער פון דער פילם־קונסט, קעגן זיין טשאַרלי טשאַפּלין.

דער אַמעריקאַנער יידישער זשורנאַליסט נ. ב. לינדער, וועלכער איז געווען אַ בן־בית ביי שלום־עליכמען, גיט איבער דעם פאָלגנדיקן פּיל־זאָגנדיקן אינצידענט:

אין הויז ביי שלום־עליכמען האָט זיך אין אַן אָוונט פאַרזאַמלט אַ גרופּע פריינט. שלום־עליכם, וועלכער איז אָנגעקומען שפּעטלעך, וואַרשיינלעך פון אַ טשאַפּלין־פאָרשטעלונג, האָט מיט גרויס התפעלות גערעדט וועגן זיין נייעם פריינט אין אַמעריקע, וועגן טשאַפּלינען. צווישן די פאַרזאַמלטע, דערציילט וויטער לינדער, האָט זיך אויך געפונען אַ יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך גע־האַלטן פאַר אַ גרויסן מבין אויף פילמס און טעאַטער, ווייל ער האָט שטודירט קונסט אין דייטשלאַנד. דעם יונגנמאַן זיינען ניט געווען צום האַרצן שלום־עליכמס ליב־ווערטער פאַר טשאַפּלינען.

צווישן שלום־עליכמען און דעם יונגנמאַן איז דאַן פאָרגעקומען דער פאָלגנדיקער דיאַלאָג:

יונגערמאַן: וואָס אייגנטלעך האָט אייך אַזוי צוגעצויגן צו דעם טשאַפּ־לינען? זיין בױכען מיט דער נאָז, ווי אַ הונט, וואָס דערשמעקט פּאַדלע? (און דער יונגערמאַן אימיטירט דערביי, ווי אַזוי טשאַפּלין טוט אָפּטמאָל אַ הויב זיינע וואָנציקעס און פּאַרציט די נאָז).

שלום־עליכם: ניין! דאָס איז טאַקע ניט שיין.

יונגערמאַן (דערמוטיקט פון זיין ערשטן זיג, גייט ווייטער): וואָס־זשע דען? זיין ציען מיט די אַקסלען? אָדער זיין דרייען מיטן שטעקעלע? (און דער יונגערמאַן פּרוּווט נאָכמאַכן טשאַפּלינען).

שלום־עליכם: דאָס טויג אויך נישט.

יונגערמאַן: וואָס־זשע דען? זיין טאַנצן אויף איין פוס? אָדער זיין שאַרן דאָס קאַפּעליושל פון הינטן אַרום אַרויף־און־אַראָפּ? (און דער יונגער־מאַן מאַכט ווידער נאָך טשאַפּלינען).

שלום־עליכם: ניין! דאָס איז גאָר חלשות!

יונגערמאַן: אויב אַזוי, טאָ וואָס־זשע אַזוינס געפעלט אייך אַזוי שטאַרק אין אייער טשאַרלי טשאַפּלין?

שלום־עליכם: האָט קיין פּאַראיבל ניט, יונגערמאַן. איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. איך האָב דאָך גערעדט וועגן דעם, ווי טשאַפּלין טוט די אַלע זאַכן נישט ווי אַזוי איר מאַכט אים נאָך... (דער „טאָג", אַפּריל 2, ניו־יאָרק, 1939 און „דאָס שלום־עליכם־בוך", ניו־יאָרק, 1926 און 1956).

2.

שלום־עליכמס „פּערזענלעכע פריינטשאַפט" מיט טשאַפּלינען, שלום־עליכמס גרעניצלאָזער ענטוזיאַזם פאַר טשאַפּלינס פילם־קאָמעדיעס, זיינען בעיקר געווען אַ רעזולטאַט פון דעם געמיינשאַפטלעכן אין די שאַפונגען פוןביידע קינסטלער. שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין האָבן אין זייערע ווערק אַרויסגעבראַכט הויפּטזעכלעך דעם פאָלקס־מענטש, דאָס קליינע מענ־טשעלע; שלום־עליכם און טשאַפּלין האָבן געשעפּט זייער קינסטלערישע יניקה פונעם פאָלק; האָבן אָפּגעשפּיגלט אין זייערע ווערק דאָס לעבן פונעם פאָלק און ביידע האָבן געשטעלט זייערע טאַלאַנטן אינעם דינסט פון די ברייטסטע שיכטן פונעם פאָלק.

נאָך מער: שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין האָבן זיך פולשטענדיק אידענטיפיצירט מיט זייערע העלדן, מיט די וואונטשן, טרוימען און געדאַנקען פון זייערע העלדן. דורך טביהן רעדט־אַרויס שלום־עליכם. דורך דעם „טרעמפּ" (1915), אין אַלע זיינע גלגולים און געשטאַלטן פון 1914 ביז 1957, קומט צום אויסדרוק די וועלט פון טשאַרלי טשאַפּלין.

אַרום פופציק לייכטע פילם־קאָמעדיעס האָט טשאַפּלין געשאַפן אין זיינע ערשטע פאַר יאָר אין אַמעריקע, פון 1914 ביז 1916. מען קאָן אָננעמען, אַז שלום־עליכם האָט זיי אַלעמען, אָדער די מערסטע פון זיי, געזען. אין די טשאַפּלין־קאָמעדיעס האָט שלום־עליכם, אָן ספק, דערקענט זיין אייגענעם

מנחם־מענדל, זיין אייגענעם טביה, זיין אייגענעם מאָטל פּייסי דעם חזנס, זיין אייגענעם קליין מענטשעלע פון בויבעריק, קאַסרילעווקע און יעהופּעץ.

אין טשאַפּלינס פילם־קאָמעדיעס, אויך פון די ערשטע יאָרן, האָט שלום־עליכם דערקענט זיין אייגענעם העלד, וואָס קאָן לאַכן און פאַרגיסן אַ טרער; וואָס איז פאַרליבט אין לעבן און ווערט דערדריקט דורך די כוחות פון לעבן; וואָס טרוימט כסדר וועגן אַביסעלע גליק אין לעבן און וואָס ווערט פאַר־ביטערט און אַנטוישט, ווען פון זיסן טרוים לאָזט זיך אויס אַ בוידעם.

אין דעם קורצן פילם „די באַנק" (אויגוסט, 1915) האָט שלום־עליכם מיט אַ רואיקן געמיט געקענט אָפּגעבן אַ ברייטן שלום־עליכם טשאַפּלינס העלד, וועלכער פאַרמאָגט אַלע הויפּט־שטריכן פון זיין מנחם־מענדל: „אַ פליער, ברעכער, לויפער, דרייער, אַ נעכטיקער טאָג".

אין טשאַפּלינס פילם־קאָמעדיע „אַרבעט" (יוני, 1915) האָט שלום־עליכם געקענט געפינען געוויסע שטריכן פון זיין פּשוטן, האַרעפּאַשנעם, ערלעכן שונא־הגבירים, טביה.

מאָטל פּייסיס צעהיצטע פאַנטאַזיע און טרוימערישקייט זיינען ביז אַ געוויסן גראַד פאַרטראָטן אין טשאַפּלינס „געלעכטער גאַז" („לעפינג געז") פון יולי, 1914.

אינעם פילם „דער נייער הויז־באַדינער" („דהי ניו דזשעניטאָר") פון סעפּטעמבער, 1914, האָט טשאַפּלינס העלד געקענט אויסשרייען, ווי שימעלע סאָראָקער אין „דאָס גרויסע געווינס": „איר זאָלט וויסן, וואָס פאַר אַ חלום מיך האָט זיך היינטיקע וואָך געחלומט. איך הויב־אויף די אויגן און טו אַ קוק, גלאַט אַזוי זיך אין דער וועלט אַריין, דערזע איך אַ בוים אינמיטן שטוב... און אויפן בוים וואַקסן רענדלעך, גאָלדענע רענדלעך..."

דעם אַרויפגעאַרבעטן, דעם נגיד, וועמען שלום־עליכם, ווי טשאַרלי טשאַפּלין, האָט געהאַסט בתכלית השנאה, האָט שלום־עליכם געקענט דער־קענען, אין זיין גאַנצער לעכערלעכקייט און פּוסטקייט, אין אַ צאָל טשאַפּלין־קאָמעדיעס, צווישן זיי: „די גרויזאַמע, גרויזאַמע ליבע" („קרועל, קרועל לאָוו") פון מערץ, 1914; „פאַרכאַפּט אין אַ קאַבאַרעט" („קאָט אין עי קאַבאַרעי") פון אַפּריל, 1914; „איר פריינט דער באַנדיט" (יוני, 1914) און פיל אַנדערע.

שלום־עליכמס „לאַכן דורך טרערן" האָט צום ערשטן מאָל בולט זיך אָפּ־געשפּיגלט אין טשאַפּלינס פילם־קאָמעדיע „דער טרעמפּ" פון אַפּריל, 1915. אַ הילכיקן געלעכטער האָט געקענט אַרויסרופן אפילו ביי דעם פאַרהאַרטע־וועטסטן צושויער אַ סצענע, אין וועלכער טשאַפּלינס אומדערפאַרענער טרוימער זוכט אַרויסצוקריגן מילך פון אַן עק פון אַ קו — אַ סצענע, וואָס דערמאָנט, אגב, די באַמיאונגען פון מנחם־מענדל צו ווערן אַ מיליאָנער אויפן חשבון פון די „בערן" אויף דער בערזע. טשאַפּלינס פילם־קאָמעדיע ענדיקט זיך אָבער מיט אַ סצענע, וואָס מוז אַרויסרופן אַ טרער ביי יעדן איינעם. אויפן לייוונט באַווייזט זיך די פּאַטעטישע פיגור פונעם טרעמפּ, וועלכער ווערט פאַרטריבן פון אַ פאַרם. דער טרעמפּ גיט זיך אַ קנייטש מיט דער פּלייצע, אַ

הויב אַ פוס און לאָזט זיך אַוועק ווידעראַמאָל זוכן גליק, זוכן אַן אָנהאַלט אין לעבן.

טשאַפּלינס קנייטש מיט דער פּלייצע — אַן אויסדרוק פון פאַרצווייפלונג; טשאַפּלינס פּאָכן מיט זיין שטעקעלע — אַ זשעסט פון חוזק און שפּאָט אויפן חשבון פון פּוסטעפּאַסניק; טשאַפּלינס אונטערשפּרינגען ביים גיין — אַ צייכן פון נע־ונדניקייט, היימלאָזיקייט — האָבן קינסטלעריש געדינט אין די פילמס דעם זעלבן צוועק, וואָס אַ פאַרדרייטער פּסוק ביי טביהן אָדער מנחם־מענדלען. דעם זעלבן קינסטלערישן עפעקט, וואָס טשאַפּלין האָט דערגרייכט אין זיינע פילמס דורך די דערמאָנטע פּאַנטאָמימע־מעטאָדן, האָט שלום־עליכם באַוויזן אַרויסצוקריגן אין געשריבענעם וואָרט דורך אַ פּסוק — קורץ, שאַרף און צום פּונקט.



שלום עליכמס מאָטל פּייסי דעם חזנס האָט בלויז צוגעגאָסן צופיל וואַסער צום עמער קוואַס — טשאַפּלינס „קינד" האָט בלויז אויס־געהאַקט שויבן, כדי דאָס קליינע מענטשעלע, אַ גלעזער לויטן פאַך, זאָל האָבן אַ ביסל פּרנסה. („דאָס קינד", 1921).

אַזוי האָט טביה אויסגעדריקט זיין גייסטיקן צושטאַנד פון מרה־שחורה און לעבנס־לוסטיקייט אינעם פּסוק: „אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר" — אַ מענטש איז שוואַכער פון אַ פליג און שטאַרקער פון אייזן, אָדער זיין פּראָטעסט קעגן סאָציאַלן אומיושר אינעם פּסוק: השמים שמים — די הימלען זיינען

פאַר גאָט, והארץ — און די ערד, לבני אדם, צו די קינדער פון מענטשן, זיי זאָלן זיך שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט, ווי די קעץ פאַר גרויס ראַסקאָש.

ווען שלום-עליכם האָט אין 1914 אַנטדעקט טשאַפּלינען, איז ער, שלום-עליכם, שוין געווען באַקאַנט אַלס דער שרייבער פון עמך, שער און אייזן. אין זיינע פיל שאַפונגען האָט שלום-עליכם שוין געהאַט אויסגעדריקט זיין שנאה און ביטול פאַר דעם הערשנדיקן סאָציאַלן שיכט — אויף דער אַלגע-מיינער גאַס, ווי ביי יידן. שלום-עליכם, דער הומאַניסט, האָט אין טשאַפּ-לינען דערקענט אַן אידייען-פריינט, אַ יונגן אויפגייענדיקן פאָלקס-קינסטלער, אַ נאָכפאָלגער.

טשאַפּלין האָט אין זיינע שפּעטערדיקע פילם-שאַפונגען פולשטענדיק באַרעכטיקט די האָפענונגען און דערוואַרטונגען.

טשאַפּלינס העלד, וועלכער איז געווען אָנגעשטעקט אין די ערשטע יאָרן מיט פּרימיטיווער שנאה, פאַרביטערטקייט און הילפלאָזיקייט, איז מיט דער צייט אָנגעהויכט געוואָרן מיטן גייסט פון הומאַניזם — ווי די מערסטע שלום-עליכם העלדן — און האָט געוואונען דעם באַוואוסטזיין צו קעמפן פאַר אַ וועלט אָן טרערן.

ניין יאָר נאָך שלום-עליכמס פריצייטיקן טויט האָט זיך באַוויזן אויפן לייוונט טשאַפּלינס פילם-קאָמעדיע „דער געיעג נאָך גאָלד", וואָס דערמאָנט שטאַרק, ניט בלויז אין נאָמען, אין שלום-עליכמס „די גאָלד-גרעבער". אין 1921 האָט זיך באַוויזן אויפן לייוונט טשאַפּלינס „דאָס קינד", וואָס ברענגט אויפן זכרון שלום-עליכמס „מאָטל פּייסי דעם חזנס".

3.

שלמה מיכאָעלס, דער דירעקטאָר פונעם יידישן מלוכה-טעאַטער אין מאָסקווע און דער קינסטלערישער אויסטייטשער פון שלום-עליכמען אויף דער יידישער בינע, האָט אין טשאַפּלינען געזען דעם פילם-קינסטלער פון „געלעכטער דורך טרערן".

ווי שלום-עליכמען אין זיין צייט, אַזוי איז מיט יאָרן שפּעטער אויסגע-פאַלן אויך אויפן גורל פון מיכאָעלסן צו פאַרטיידיקן טשאַפּלינען.

אין 1946, האַרט ערב דעם אָנהויב פון דער „קאַלטער מלחמה", איז אין מאָסקווע דורכגעפירט געוואָרן אַ פילם-פעסטיוואַל פון טשאַפּלינס שאַפונגען. אויף אַ פייערלעכער פאַרשטעלונג פון טשאַפּלינס „דער געיעג נאָך גאָלד" איז מיכאָעלס געווען דער הויפּט-רעדנער. אין אַמעריקע איז דאַן באַנייט געוואָרן דער קרייץ-צוג קעגן טשאַפּלינען. אויף דער פייערונג אין מאָסקווע האָט מיכאָעלס צווישן אַנדערן אונטערשטראָכן אין זיין רעדע: „די געלט-גייציקע שווינדלער פון דער געלער פרעסע האָבן ווידער אָנגעהויבן וואַרפן שמוץ, כדי מאָראַליש צו דערשטיקן טשאַפּלינס נאָמען און אַזוי אַרום אָפּצושוואַכן די קראַפט פון זיין וועלט-אָנשויאונג".

מיכאָעלס האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו טרעפן זיך פנים-אל-פנים מיט

טשאַפּלינען. מיכאָעלס און דער סאָוועטיש־יידישער פּאָעט איציק פעפער זיינען אין ברען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין זומער 1943, אָנגעקומען אין אַמעריקע אַלס שליחי־צבור פון די יידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד צו זייערע שוועסטער און ברידער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַלס אָפיציעלע פאָר־שטייער פון דער סאָוועטן־רעגירונג צום אַמעריקאַנער פאָלק.



שלמה מיכאָעלס (רעכטס) און איציק פעפער אויף זייער באַזוך אין אַמעריקע אין יאָר 1943.

מיכאָעלס איז שוין דאַן געווען באַקאַנט אַלס דער באַגאַבטער קינסטלער, וועלכער האָט פאַרגעבראַכט אויף דער בינע, דורך שלום־עליכמס ווערק, דאָס קליינע מענטשעלע, גענוי ווי טשאַפּלין האָט דאָס געטאָן אין זיינע פילמס. נאָך אין אָנהויב פון זיין קינסטלערישער קאַריערע האָט מיכאָעלס אַנטדעקט אין שלום־עליכמס ווערק דאָס קליינע מענטשעלע. מיכאָעלס האָט פאַרגעבראַכט אויף דער בינע מנחם־מענדלען אין 1921 אין „אַגענטן”, אין 1924 אין „לופט־

מענטשן", און אין 1925 אינעם פילם „יידישע גליקן". שימעלע סאַראַקער האָט מיכאָעלס אַרויסגעפירט אויף דער בינע אין 1929. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מיכאָעלס זיך באַרימט געמאַכט דורך זיין קינסטלערישער בינע־געשטאַלט פון שלום־עליכמס באַליבטן העלד טביה דער מילכיקער.

וועגן מיכאָעלסעס קינסטלערישער אויסטייטשונג פון טביהן האָט געשריבן דער סאָוועטיש־יידישער קריטיקער חיים טאָקער אין 1948:

„מיכאָעלס האָט דער ערשטער אויף דער יידישער בינע, שאַפנדיק די טראַגישע געשטאַלט פון טביהן, געפונען די העכסט־אויסדרוקספולע סצענישע מיטלען אויף צו באַווייזן, ווי עס פלעכט זיך איבער דאָס קאָמישע און טראַגישע, וואָס האָבן געלעבט אין טביהן... מיכאָעלס האָט אויפן בעסטן אופן אויפגענומען יענע כאַראַקטעריסטיק, וואָס שלום־עליכם האָט געגעבן טביהן. אָט וועגן אַזאַ טביהן האָט געטרוימט שלום עליכם... („דער שטערן", ליטעראַרישער אַלמאַנאַך, קיעוו, נומער 3, 1948).

די וועלט פון טשאַרלי טשאַפּלין און פון זיין העלד איז, קענטיק, געווען באַקאַנט און באַליבט ביי דעם קינסטלערישן ריז פון דער סאָוועטיש־יידישער בינע. אין זיין קינסטלערישער אויסטייטשונג פון שלום־עליכמס העלדן פאַר דער בינע האָט מיכאָעלס, מיט רעכט, צוגעשריבן זיי, די מנחם־מענדלס, די טביהס און די מאָטלס, די כאַראַקטער־שטריכן פון טשאַפּלינס קליין מענטשעלע.

דער קריטיקער טאָקער שרייבט וויטער אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן מיכאָעלסן:

„מיכאָעלסעס פאַרדינסט, אַלס רעזשיסאָר און אַקטיאָר, באַשטייט דערין, וואָס ער האָט אין זיין טביה־געשטאַלט מיט דער העכסטער איבערצייגעוודיקייט אַנטפּלעקט דעם אָפּטימיזם פון פאָלק, וואָס איז ניט איינגעבראָכן געוואָרן אונטער דער לאַסט פון דער פּאָליטישער און סאָציאַלער רעאַקציע אין פאַרשיידענע צייטן פון זיין געשיכטע. די לעבנס־פייאיקייט פונעם פאָלק, זיין ווילן צו לעבן, זיין גלויבן אין בעסערע צייטן — אָט מיט וואָס עס איז געוואָרן דורכגעדרונגען די טביה־פאַרשטעלונג אין מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער. אין מיכאָעלסעס טביה האָבן מיר דערפילט אַ מענטשן, וואָס האָט, ניט זייענדיק אַליין קיין קעמפער, מיט זיין גאַנצן וועזן זיך געצויגן צו יענעם אמת, פאַר וועלכן עס האָבן געקעמפט חוה און פעפערל; מיר האָבן דערפילט טביהס זיכערקייט אינעם זיג פון סאָציאַלן אמת איבער דער וועלט פון רעאַקציע און אונטערדריקונג".

ביי דער באַגעגעניש מיט טשאַפּלינען אין האָליוואָוד האָט מיכאָעלס איבערגעגעבן טשאַפּלינען די האַרציקסטע גרוסן פון די סאָוועטישע פעלקער פאַר זיינע באַמיאונגען איבער דער לענג און ברייט פון אַמעריקע צו פאַרשנעלערן דעם זיג איבער דעם פאַשיזם דורך עפענען, וואָס פריער, אַ צווייטן פראָנט אין מערב־איראָפּע.

אין משך פון דעם געשפּרעך האָט מיכאָעלס אויך אויסגעדריקט זיין אויפריכטיקן ענטוזיאַזם פאַר טשאַפּלינס פילם־שאַפונגען. „איר גייט ניט (אין די פילמס) גלייך איבער דער ערד, מר. טשאַפּלין", האָט מיכאָעלס געזאָגט.

„איר האַלט זיך אין איין פאַרטשעפּען, אין איין פאַלן... מיר נעמען עס אויף, ווי אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקייט, וואָס גיט ניט קיין מעגלעכקייט דעם פּראָסטן מענטשן צו גיין מיט שטאָלץ און מיט אַ געהויבענעם קאָפּ. דער פּראָסטער מענטש מוז זיך שטענדיק היטן ניט צו פאַרטשעפּען זיך".

איציק פעפער, וועלכער איז אָנוועזנד געווען אויף דער באַגעגעניש צווישן די בײדע קינסטלער, האָט שפּעטער באַריכטעט, אַז טשאַפּלין האָט מיט גרויס אינטערעס אויסגעהערט מיכאָעלסן. ער האָט כסדר פאַרצייכנט אין זיין נאָטיץ־ביכל מיכאָעלסעס ווערטער. טשאַפּלין האָט פון צייט צו צייט צוגעגעבן:

„זייער אינטערעסאַנט, זייער אינטערעסאַנט!".

ביים פאַרלאָזן אַמעריקע האָט מיכאָעלס אָנגעשריבן אַ געזעגענונגס־בריוו צו טשאַפּלינען. דעם בריוו, געשריבן אין יידיש, האָט מיכאָעלס איבער־

אַ בריוו, וואָס שלמה מיכאָעלס האָט געשריבן אויף זיין באַזוך אין אַמעריקע אין 1943 צו טשאַרלי טשאַפּלין.

געלאָזט ביים דיכטער אַהרן קורץ מיט אַ פאַרלאַנג צו איבערזעצן דעם בריוו אין ענגליש און אָפּשיקן צו טשאַפּלינען. דער בריוו, וואָס מיכאָעלס האָט געשריבן אין זיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון איציק פעפער, לייענט זיך:

„טייערער טשאַרלי טשאַפּלין.

מיר פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואו איר אַרבעט און שאַפט. מיר וועלן אַוועקפירן מיט זיך אייער גרויסע געשטאַלט און דעם טיפן איינדרוק, וואָס איר האָט אויף אונדז געמאַכט.

מיר וועלן אייער גרוס אָפּפירן צו אונדז אין לאַנד, צו די מיליאָנען סאָוועטישע צושויער, וואָס ליבן דעם גרויסן קינסטלער, טשאַפּלין, זיין שאַרפע קריטיק פון זיין אַרומיקער געזעלשאַפט, טשאַפּלין, דעם דענקער, טשאַפּלין, דעם שטרייטער, טשאַפּלין, דעם הומאַניסט, דעם פּאָעט פון מענטשנליבע".

מיכאָעלס האָט דאַן פאַרענדיקט זיין בריוו צו טשאַפּלינען מיט אַ ווענדונג צו קורצן:

„רוף אים [טשאַפּלינען] און גריס אים האַרציק".

שלום־עליכם, דער פען־קינסטלער פון געלעכטער דורך טרערן; שלמה מיכאָעלס, דער קינסטלערישער בינע־מייסטער פון שלום־עליכמס פאָלקס־מענטשן, און טשאַרלי טשאַפּלין, דער פילם־קינסטלער פון קליין מענטשעלע, וועלכער פאַרמאָגט אַלע כאַראַקטער־שטריכן פון שלום־עליכמס העלדן, האָבן יעדער איינער, מיט זיינע ספּעציפישע קונסט־מיטלען, גערעדט צום פאָלק, צו די פאָלקס־מאַסן, אין איין־און־דערזעלבער שפּראַך — די שפּראַך פון סאָציאַלן יושר.

4.

שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין האָבן געשאַפן — יעדער איינער אויף זיין אופן און מיט זיינע קינסטלערישע מיטלען — אין דער שפּראַך פון די מאַסן. יעדער איינער פון זיי האָט אויך באַרייכערט, אין פּראָצעס פון שאַפן, די פאָלקס־שפּראַך.

שלום־עליכם האָט געשריבן אויף דער „שפחה"־שפּראַך — יידיש — אויף דער שפּראַך, וואָס די פאָלקס־מאַסן האָבן גערעדט אין דער היים און ביי דער אַרבעט און צו וועלכער די אַנטי־פאָלקישע, פאַרמעגלעכע און אַסימילאַטאָרישע קרייזן, האָבן זיך באַצויגן מיט ביטול און פאַראַכטונג.

אויך אויף דעם געביט איז שלום־עליכם ניט געווען קיין זייטיקער און פּאַסיווער צושויער פונעם לעבן. ער האָט געזוכט נייע און איינפלוסרייכע פּריינט פון דער יידישער שפּראַך. ער האָט באַרייכערט די פאָלקס־שפּראַך און געשליפן יעדעס וואָרט, יעדן אויסדרוק אין זיינע ווערק אויף יידיש. ער האָט געפירט אַן אומקאָמפּראָמיסלעכן קאַמף קעגן די, וועלכע האָבן, לויט זיין אָפּשאַצונג, פאַרדאָרבן די שפּראַך. ער האָט כסדר געזוכט מיטלען צו זיין אומאָפּהענגיק — געגרינדעט אין צייט אַן אייגענעם פאַרלאַג — כדי צו קאָנען דינען די מאַסן אין זייער שפּראַך.

אויך טשאַפּלין האָט גערעדט פֿונעם לייוונט צו די מיליאָנען אויף דער „שפּחה־שפּראַך" — פֿילם־פּאַנטאָמימע — וואָס די בעלי־מאה און בעלי־דעה האָבן ניט געוואָלט אָנערקענען. טשאַפּלין האָט אַרויסגעוויזן דעם זעלבן יראת־הכבוד צו זײַנע קונסט־שאַפֿונגען פֿאַר די מאַסן און צו זייער שפּראַך אין פֿילמס. ניט אײנמאָל האָט טשאַפּלין דערקלערט מלחמה צו האָליוואוד. אַ דאַנק אַ ריי גינסטיקע באַדינגונגען האָט זיך טשאַפּלינען אײַנגעגעבן צו געווינען זײַן אומאָפּהענגיקייט פֿון האָליוואוד, און ער האָט דורכדעם גע־קראָגן אַ מעגלעכקייט צו גרייכן נײַע הויכן אויף זײַן שאַפֿונגס־וועג.

דער פֿאָלקס־מענטש, „עמך, שער און אײַזן", דאָס „קליינע מענטשעלע", איז געווען דער העלד אין די ווערק פֿון שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין. דער שווערער גערעַנגל פֿאַר זײַן פֿיזישער עקזיסטענץ, זײַן נאַטירלעכע שנאה צום בעל־גוף — אָפּטמאָל אַ פּרימיטיווע שנאה, זײַן פּראָטעסט קעגן סאָציאַלן אומיושר אויף דער וועלט — רשע וטוב לו, צדיק ורע לו, זײַנע טרוימען וועגן אַ דאַך איבערן קאָפּ, וועגן אַ געהעריקן מלבוש אויפֿן גוף, וועגן שפּייז צו דער־נערן זיך, וועגן אַ תּכלית פֿאַר זײַנע קינדער, — דאָס אַלץ און פֿיל מער האָבן געפֿונען אַ פּאָזיטיווע און סימפּאַטישע אָפּשפּיגלונג אין די קינסטלערישע ווערק פֿון שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין.

שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין האָבן אין זייערע ווערק אַרויסגע־וויזן פֿאַרשטענדעניש און ליבשאַפֿט פֿאַר זייער העלד און האָבן אים אײַנס־פּירירט אין זײַנע שטרעבונגען צו דערגרייכן שענערס און בעסערס אין לעבן.

סיי שלום־עליכם, סיי טשאַפּלין האָבן מיט זייערע קונסט־שאַפֿונגען געבראַכט פֿרייד און געלעכטער צו די דערנידעריקטע און דערשלאָגענע אין דער געזעלשאַפֿט און האָבן כּסדר גערעגט די פֿאַנטאַזיע פֿון מיליאָנען וועגן דער מעגלעכקייט צו דערגרייכן די צילן, וואָס זיי, שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין, צוזאַמען מיט זייער העלד, האָבן אויסגעטרוימט.

„טשאַרלי טשאַפּלין קאָן אָנפֿילן מיט פֿרייד אַזויפֿיל הערצער, בפרט פֿון קינדער, וואָס אָן זייער פֿרייד וואָלט די וועלט קיין קיום ניט געהאַט", האָט שלום־עליכם געזאָגט ביי אַ געוויסער געלעגנהייט.

אָבער אויך אויף דעם געביט איז שלום־עליכם גופא ניט אָפּגעשטאַנען פֿון זײַן פֿרײַנט טשאַרלי טשאַפּלין.

דאָס פֿריידיקע לאַכן, וואָס שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין האָבן געבראַכט, האָבן געהאַט אַן אינהאַלט און אַן אָנהאַלט ביים פֿאָלק. טשאַפּלין האָט אַמאָל גערעדט וועגן דעם „סוד" פֿון זײַן הומאָר און דערקלערט:

„שטעלט אײַך פֿאָר אַן אָנגעבלאָזענעם קאַפּיטאַליסט, וואָס טראָגט אויפֿן פּנים אַ פּאָר פֿאַרשפּיצטע באַקן־באַרדן און איז אויסגעפּוצט אין ווײַסע הויזן און אַ פֿראַק, אין אַ זײַדענעם הוט — אַלס צייכן פֿון אַ מיליאָנער. אפילו דער מילדסטער פֿון אונדז טראָגט זיך אַרום פֿון צײַט צו צײַט מיטן גראָטעסקן געדאַנק אַ צופּ צו טאָן די דאָזיקע באַקן־באַרדן פֿון דעם מיליאָנער. דאַן, ווען אַ פֿאַרלאָזט און שפּאַסיק מענטשעלע ווי איך גיב אַ צופּ די באַקן־באַרדן, לאַכט דער עולם אויפֿן קול פֿון הנאה"...

עפעס ענלעכס געפינט זיך אין דער קאָמעדיע „דאָס גרויסע בערזע־שפּיל״, וואָס שלום־עליכם האָט אָנגעשריבן נאָך אין 1894. איינער פון די העלדן קומט־אַרויס אין דער לעצטער סצענע מיט די פאָלגנדיקע דבורים:

„זעט, קוקט אייך אָן אין שפּיגל, וואָס פאַר אַ פּנים איר האָט מיט אייערע ספּעקולאַציעס, מיט אייער בערזע, מיט אייערע קאָרטן, מיט אייערע זשור־פיקסן (פּוסטע אָוונט־פאַרווײלונגען), מיט אייערע דאַמען, די אַריסטאָקראַטקעס, און מיט אייערע געגנג אַרום־און־אַרום... עס וועט זיך געפינען איינער, וואָס וועט אייך באַשרייבן... מען וועט קוקן אויף אייך, מען וועט טייטלען מיט די פינגער און מען וועט לאַכן, זיך איינרייסן דאָס געזונט לאַכנדיק״...

אין זיינע זכרונות וועגן שלום־עליכמען דערציילט אויך לינדער:

„שלום־עליכם רעדט מיט גרויס ליבּ וועגן טשאַפּלינס טאַלאַנט און וועגן זיין זעלטענער בריהשקייט אויסצודריקן אין פּאַנטאָמימע די גאַנצע נעבעכ־דיקייט פון דעם פּאַטעטיש קאָמישן פּראַנט אין אַלע זיינע שלימזלדיק־קונ־דישע שטיק אויפן לייוונט. שלום־עליכמען געפעלט שטאַרק די גאַנצע גע־שטאַלט טשאַפּלינס: זיינע קליינע רירעוודיקע וואַנציקלעך, זיינע גרויסע צעקרימטע שיך, זיינע ברייטע, לאַנגע און שטאַרק־אָפּגעטראָגענע פּלודערן, זיין ענג, פאַרשמאָלצעוועט רעקל, זיין אָפּגעבליאַקעוועט קאַפּעליושטשיקל, זיין דין אויסגעקרימט שטעקעלע און זיין גאַנצער הילוך, מיטן אונטערטאַנצן און מיט פאַרטשעפּען זיך אין זיינע אייגענע לעפּישע פיס״.

„די דאָזיקע געשטאַלט״, זאָגט שלום־עליכם, „איז אין זיך אַליין אַ שטיק קונסטווערק, וואָס קיין פּענזל און קיין שום פען האָט נאָך ערגעץ ניט אַרויס־געבראַכט״.

צוליב זיין גרויסער התפעלות פאַר טשאַפּלינען און צוליב זיין אייגענער ערלעכער און אויפריכטיקער עניוות, האָט שלום־עליכם פאַרקוקט אין דעם מאָמענט דעם פּאַקט, אַז אַזאַ געשטאַלט האָט אייך פען יאָ אַרויסגעבראַכט אויפן פּאַפּיר — די פען פון שלום־עליכם אין זיינע קלאַסישע ווערק, ווי „טביה דער מילכיקער״, „מנחם מענדל״, „מאָטל פּייסי דעם חזנס״ און אַנדערע.

נאָכמער. אין 1909 האָט שלום־עליכם אָנגעהויבן שרייבן דעם ראָמאַן „בלאָנדזשענדע שטערן״. דאָס איז געוועזן מיט גאַנצע פינף יאָר איידער טשאַפּלינס העלד, דאָס קליינע מענטשעלע, האָט זיך באַוויזן — אין 1914 — צום ערשטן מאָל אויפן לייוונט. שלום־עליכם האָט אָבער שוין דאַן געהאַט פאַר זיינע אויגן די טראַגי־קאָמישע געשטאַלט, וואָס ער, דער פען־קינסטלער, און שפּעטער טשאַפּלין, האָבן פאַראייביקט אין זייערע שאַפונגען.

שלום־עליכם האָט נאָך אין 1909 געהאַט אויסגעטרוימט אַ העלד, וואָס איז ענלעך, לויט זיין גאַנצן מהות — מלבוש, הילוך, אויפפירונג און אַפילו פיזישן אויסזען — צו טשאַפּלינס קליינעם מענטשעלע פון 1914.

אַזוי, צום ביישפּיל, האָט שלום־עליכם געשילדערט אין „בלאָנדזשענדע שטערן״ די וועלט פון זיין אייגענעם קליינעם מענטשעלע:

„. . . איינמאָל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, איז אַראָפּגעקומען קיין האָ־

לענעשטי עפּעס אַ פּאַרשוין, אָנגעטאָן אין אַ געל־רויטלעכן־טונקל־גרין־בלוי־לעכן פּאַליטאָ, מיט אַן אָפּגעבאַרעט קאַפּעליושל אויפן קאָפּ און מיט אַ צע־טרענטן טשעמאָדאַן אין די הענט און האָט זיך אַרויסגעגעבן, אַז ער איז דאָס געקומען אַהער אָפּדינגען דאָס טעאַטער... דער פּאַרשוין, אַ נידעריקער, מיט אַ געגאָלט פּנים פון אויבן ביז אַראָפּ, האָט אַ קוק געטאָן מיט אַ פּאָר ממזרי־שע אויגן אויף דער שטאָט האָלענעשטי און אויף אירע יידן, און האָט אַ זאָג געטאָן צום עולם מיט אַ מאָדנער הייזעריקער שטימע, און דאָס אָפּגעבאַרעטע קאַפּעליושל האָט אים געגעבן אַ פּאָר אַרויף און אַראָפּ:

„אַ פּנים, ווי איך זע אַרויס, האָט ביי אייך אדם הראשון נאָך קיינמאָל קיין שבת ניט געהאַלטן".

שלום־עליכם האָט פאַרענדיקט זיין טשאַפּלינישע באַשרייבונג פון זיין העלד אין „בלאָנדזשענדע שטערן" מיטן בילד:

„. . . און דער שלימזל האָט גענומען דאָס שטעקל, אָנגערוקט דאָס אָפּגעבאַרעטע קאַפּעליושל אויפן שטערן, אַריינגעלייגט די הענט אין די קע־שענעס און געלאָזט זיך איבער דער שטאָט שפּאַצירן"...

אַזאַ עכט שלום־עליכם בילד קאָן מען געפינען כמעט אין יעדן איינעם פון טשאַפּלינס וויכטיקסטע פילמס.

זיכער איז, אַז ווען טשאַרלי טשאַפּלין וואָלט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו טרעפן זיך פּנים־אל־פּנים מיט שלום־עליכמען וואָלט ער, טשאַפּלין, געוועז דער ערשטער צו אָנערקענען אָט־דעם פאַקט. אין זיינע געשפּרעכן מיט שלום־עליכמען וואָלט טשאַפּלין אויך צוגעגעבן, אַז אַזעלכע העלדן ווי מנחם־מענדל און טביה זיינען בלוט־קרובים מיט זיין אייגן קליין מענטשעלע.

טשאַפּלין האָט אָנגעהויבן זיין פילם־קאַריערע אין 1914. שלום־עליכם האָט פאַרענדיקט זיין שעפערישן לעבן אין 1916. די קונסט־שאַפונגען פון שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין האָבן אויסגעהאַלטן דעם שטרענגן עק־זאַמען פון דער צייט. טשאַפּלינס ערשטע פילם־קאָמעדיעס זיינען פּאָפּולער איצט, פּונקט ווי מיט פערציק יאָר צוריק, ווען זיי זיינען געשאַפן געוואָרן. שלום־עליכמס ווערק ווערן עד־היום פאַרשפּרייט אין מיליאָנען עקזעמפּליאַרן און זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל וועלט־שפּראַכן.

שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין, די קינסטלער פון קליין מענטשעלע, האָבן נאָך עטוואָס געמיינזאַמס. דער אַלוועלטלעכער שלום־ראַט, וואָס דריקט־אויס די וואונטשן פון שלום־עליכמס און טשאַפּלינס העלד פאַר אַ געזיכערט לעבן דורך שעפערישער פרייד, האָט געערט ביידע קינסטלער. אין 1954 האָט דער שלום־ראַט צוגעטיילט טשאַפּלינען אַ שלום־פּרעמיע. אין 1959 ווערט, לויט אַ באַשלוס פון שלום־ראַט, געפייערט אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב, דער הונדערטסטער געבורטסטאָג פון שלום־עליכמען.

**.5**

אַרום דריי טויזנט יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן האָבן שבת אָוונט, דעם 21טן פעברואַר, אָנגעפילט דעם זאַל פון האָנטער קאַלעדזש אין

ניו־יאָרק, וואו דער יידישער מוזיק־פאַרבאַנד האָט דורכגעפירט אַ פייערונג געווידמעט דעם הונדערטסטן געבוירנטאָג פון שלום־עליכם.

שלום־עליכם פייערונגען ווערן דורכגעפירט אין משך פון יאָר 1959 אין יעדן טייל פון דער וועלט, וואו ס׳געפינען זיך גרעסערע און אַפילו קליינע יידישע ישובים. אין אַ צאָל לענדער, ווי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און ישראל, טראָגן די שלום־עליכם פייערונגען אַן אָפיציעלן כאַראַקטער. אין ביידע לענדער זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן ספּעציעלע שלום־עליכם פּאָסט־מאַרקעס. אין אַנדערע לענדער, ווי אַרגענטינע און פּוילן, פאַרנעמט אַ וויכטיקן אָרט אין די פייערונגען די לאָקאַלע שלום־באַוועגונג.

אויף דער פייערונג אין האַנטער קאָלעדזש אין ניו־יאָרק איז דער מאָמענט פון פּאָלקסטימלעכקייט אַרויסגעהויבן געוואָרן דורך דעם אַרויסטריט פון דעם יידישן פאָלקס־כאָר, וועלכער האָט, אונטער דער לייטונג פון זיין דיריגענט משה ראוך, אויסגעזונגען דעם גאָלדפאַדען־מאָנטאַזש „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען״, צונויפגעשטעלט פון נ. בוכוואַלד, מיט מנשה אָפּענהיים אַלס נאַראַטאָר.

דער אָפּטימיזם און קאָמפּלוסטיקייט פון שלום־עליכמס מענטשן איז געקומען צום אויסדרוק אין אַזעלכע לידער, ווי אברהם רייזענס „דאָס נייע ליד״ און „איך הער אַ קול״, פון מאָריס ווינטשעווסקי, געזונגען פון דעם פּאַראייניקטן יידישן פאָלקס־כאָר פון פּעטערסאָן, נואַרק און דזשאַמעיקא, דיריגירט פון סעמיועל ר. גאָלדמאַן.

שלום־עליכמס „געלעכטער דורך טרערן״ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דורך וואָרט און מוזיק, אין דער פּרעמיערע פון דער קאַנטאַטע „אויפן פידל״, מוזיק פון וולאַדימיר חפץ, טעקסט לויט שלום־עליכם פונעם דיכטער י. א. ראָנטש, געזונגען פון יידישן פילהאַרמאָנישן פאָלקס־כאָר, דיריגירט פון יהודה מאַלעק, מיט מאַלי פּיקאָן און יעקב קאַליך אַלס די נאַראטאָרס.

מאַלי פּיקאָן, ווען משה נאַדיר האָט באַצייכנט אַלס די „טשאַפּלינעסע״ פון דער יידישער בינע, האָט אויך פאַרגעשטעלט פאַרן עולם שלום־עליכמס מאָטל פּייסי דעם חזנס, אין איר אייגענער אויפפאַסונג.

מאַלי פּיקאָן האָט אָבער געהאַט צוגעגרייט אַ „סורפּריז״ פאַרן עולם. אין דער אָנוועזנהייט פון דריי טויזנט מענטשן האָט מאַלי פּיקאָן אין איין רגע, ווי דורך אַ כישוף, פאַרוואַנדלט מאָטל פּייסי דעם חזנס אין טשאַרלי — טשאַפּלינס העלד.

מאַלי פּיקאָן, וועלכע האָט זיך קונה שם געווען אַלס די קינסטלערין, וואָס „מאַכט דעם עולם וויינען דורך געלעכטער און לאַכן דורך טרערן״, האָט מיט איר „סורפּריז״ ווידעראַמאָל אונטערשטראָכן די נאַטירלעכע קרובהשאַפט צווישן די העלדן פון שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין. דורך מאַלי פּיקאָנס מאָטל און טשאַרלי האָט דער עולם דערזען פאַר זיך אויף דער בינע אין העלד פון איין און דער זעלבער וועלט — די וועלט פון שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין.

מאַלי פּיקאָן האָט אַנטדעקט אָט די נאַטירלעכע קרובהשאַפט נאָך אין אָנהייב פון איר רייכער קינסטלערישער בינע־קאַריערע, ווען זי האָט געשאַפן

די עכטע שלום־עליכם־טשאַרלי טשאַפּלין טיפּן, ווי „שייקעלע", „שמענדריק" און „יאַנקעלע".

אין זיין אָפּהאַנדלונג „טשאַפּלינעסע" האָט משה נאַדיר אונטערשטראָכן די נאָענטע שייכות פון מאַלי פּיקאָן צו דער וועלט פון שלום־עליכם־טשאַרלי טשאַפּלין. „מאַלי פּיקאָן" האָט משה נאַדיר געשריבן, „דערנעענטערט זיך אַלץ מער צו איר איינציקן קאָנקורענט — צו טשאַפּלינען. ווי ביי טשאַפּלינען, איז אין איר חוזק — טרויער, פאַרגעבונג, פאַרלוירנקייט. איר פייער האָט דעם קאָליר פון ברענענדיקן בראָנפן. איר קעלט האָט די שיינמוסטערן פון פראָסט אויף אַ פענסטער. איר אומעט איז — סאַמעט... איר קליין ביסל וואולגאַריטעט איז... דער אונטערבוי פון אַ ליאַלקע... אַ גרויסער יום־טוב קומט אייך אַנטקעגן פון מאַלי פּיקאָנס אויגן. עס איז דער יום־טוב פון היי־ליקן אומזין... עס איז די גרויסע טשאַפּליניאַדע פון דער קליינער פּיקאָן, דער סטילישער טרויער, וואָס רירט זיך ווי אַ פאַנצער אָן אַ גוף... די אויפ־לעבונג פון אַלע שאָטנס, וואָס באַפּעלקערן דאָס קעניגרייך פון אונדזערע חלומות..." („טעאַטער העפטן", אונטער דער רעדאַקציע פון זלמן זילבער־צוויג, ביי דער נאָענטסטער מיטאַרבעט פון יעקב מעסטל, אַרויסגעגעבן אונטער דער השגחה פון דער יידישער אַקטיאָרן יוניאָן פון אַמעריקע, ניו־יאָרק 1945).

די פייערונגען איבער דער וועלט פון דעם הונדערטסטן געבוירנטאָג פון שלום־עליכם האָבן אינספּירירט אַ צאָל יידישע קינסטלער צו דעמאָנסטרירן קינסטלעריש די קרובהשאַפט צווישן שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט דער קאָמפּאָזיטאָר וולאַדימיר חפּץ געשאַפן אַנהויב 1959 דאָס מוזיקאַלישע ווערק: „שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין — מוזיקאַלישע באַגעגעניש" און דער בינע־קינסטלער מנשה אָפּענהיים האָט אַריינגענומען אין זיין קינסטלערישן רעפּערטואַר אַ גרעסערע שאַפונג אונ־טערן נאָמען: „טשאַרלי טשאַפּלין — דורך די אויגן פון שלום־עליכם".

מאַרק שאַגאַל און שלמה מיכאָעלס, בינעם העלער און משה נאַדיר, מאַלי פּיקאָן, מאָריס שוואַרץ, מנשה אָפּענהיים, יוליוס אַדלער, וולאַדימיר חפּץ און פיל אַנדערע יידישע קינסטלער האָבן אין שלום־עליכמען געזען טשאַרלי טשאַפּלין און אין טשאַרלי טשאַפּלין — שלום־עליכם. ווי די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן, אַזוי זיינען אויך די יידישע קינסטלער אינספּירירט געוואָרן דורך די אוניווערסאַלע און פערמאַנענטע ווערטן אין די שאַפונגען פון שלום־עליכם און טשאַרלי טשאַפּלין: שאַרפער פּראָטעסט קעגן יעדן מין אומיושר; טיפער גלויבן אין דער צוקונפט פון דער מענטשהייט; אַנטשלאָסנהייט צו באַשיצן די ווירדע פון מענטשן און דער אור־אַלטער טרוים פון אַ וועלט אָן טרערן.

דאָס איז געווען די וועלט פון שלום־עליכם.

דאָס איז די וועלט פון טשאַרלי טשאַפּלין.

און ווען אַ באַגאַבטער יידישער פּאָעט האָט אין לאַנד פון די נביאים זיך פאַרבענקט אין 1955 נאָך דער וועלט פון שלום־עליכם, האָט געזוכט טרייסט נאָך די טראַגישע פּאַסירונגען פון די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר און האָט געטרוימט וועגן אַ „ליבשאַפט פונעם מענטשן", האָט ער אין ירושלים אויס־געזונגען דאָס ליד:

## ט ש אַ ר ל י  ט ש אַ פ ל י ן

### פון בינעם העלער

און דאָך גיט מיר אַמאָל אַ קלעם ביים האַרצן
די בענקשאַפט פון דער צייט פון שטומען פילם,
ווען יעדעס בילד פלעגט ווי אַ חלום צאַרט זיין —
די מינדסטע ענדערונג פון ליכט דערפילן.

דאָרט איז די שפראַך שוין ניט געווען מער נייטיק —
אָן איר געוואָרן אייגן איז און נאָענט
די ליבשאַפט פונעם מענטשן און זיין וויטיק
אין משך פון בלויז צוויי געציילטע שעה׳ן.

די האַנדלונג איז געווען נאַאיוו און זויבער,
און דער עקראַן געווען איז ווי אַ שפיגל,
אין וועלכן טשאַרלי טשאַפּלין האָט געצויבערט,
און זיינע מענטשן אָנגעטאָן אין פליגל.

צו אים בין איך אַנטלאָפן פונעם טומל,
און אים האָב איך געזוכט אין קליינעם קינאָ,
כדי ער זאָל דאָרט מיט זיין קונסט דער שטומער
אַן ענטפער פאַר מיין אויסגעשריי געפינען.

נאָר זעלטן האָט ער ביזן סוף פאַרענדיקט —
דאָס ליכט אין זאַל האָט ראַש זיך אָנגעצונדן,
ווען ער איז שטיל, אַן איינזאַמער, ווי שטענדיק,
אויף זיינע פלאַטפיס אין דער וועלט פאַרשוואונדן.

(„יידישע קולטור“, מערץ, 1959).

קאַפּיטל ח

# טשאַפּלין צו 70 —
# מיטן פּנים צום לעבן

1. טשאַפּלינס אַמעריקע
2. „אַ קעניג אין ניו יאָרק"
3. טשאַפּלין ביים אָנהויב פון זיין שאַפונגס־וועג
4. ביים ראַנד פון לעבן
5. טשאַפּלין צו 70 — מיטן פּנים צום לעבן



טשאַפּלין און זיין פרוי, אונאַ, ביים אָנקומען אין אייראָפּע אין 1952,
ווערן באַגעגנט מיט בלומען

# טשאַפּלין צו 70 — מיטן פּנים צום לעבן

1.

„אַ קעניג אין ניו־יאָרק״ איז טשאַפּלינס ערשטער פילם אין אייראָפּע.

טשאַפּלינס „קעניג״ — דער פילם — האָט אָבער ביז איצט ניט געקראָגן די מעגלעכקייט צו לאַנדן אין ניו־יאָרק אָדער אין וועלכן־עס־איז אַנדערן טייל פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

דער מעקאַרטיזם, וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן געקראָגן היבשע מפּלות אין זיינע באַמיאונגען פולשטענדיק צו קאָנטראָלירן דאָס לעבן פונעם אַמעריקאַנער פאָלק, איז אין 1957 נאָך ניט געווען איינגאַנצן אויסגעוועפּט. אונטערן דרוק פון די פאַרשיידענע מעקאַרטי־לייט און די קערפּערשאַפטן, וואָס זיי קאָנטראָלירן און באַווירקן, האָבן די טעאַטער־אייגנטימער פון אַמעריקע זיך אָפּגעזאָגט צו וויזן אין לאַנד טשאַפּלינס „קעניג״, כאָטש זיי האָבן געוואוסט, אַז דורכדעם פאַרלירן זיי ריזיקע פּראָפיטן.

אויך די גרויסע פירמעס פון ענגלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליע, וועלכע ווערן פינאַנציעל דיקטירט דורך די האָליוואוד־באַנקירן, האָבן, צוליב דער זעלבער סיבה, זיך אָפּגעזאָגט איינצולאַדן טשאַפּלינס „קעניג״ אין זייערע טעאַטערס.

די פייערלעכע פּרעמיערע פונעם „קעניג״ איז דורכגעפירט געוואָרן אין איטאַליע דעם 1טן אָקטאָבער 1957, אויפן אינדזל אישיא. צו יענער צייט האָבן זיך געפונען אויפן אינדזל פאַרשטייער פון דער איטאַליענישער רעגירונג און אַנדערע דיפּלאָמאַטן פון דער „נאַטאָ״ (צפון־אַטלאַנטישער בונד). עטלעכע שעה פאַר דער פּרעמיערע פון טשאַפּלינס „קעניג״ האָבן זיי, אויס שרעק פאַרן „רייכן אָנקל״, זיך אָפּגעטראָגן פונעם אינדזל.

אין 1955, ווען ס׳איז באַקאַנט געוואָרן, אַז טשאַפּלין נעמט זיך צו דער אַרבעט אויף זיין נייסטן פילם וועגן די מכשפה־געיעגן אין אַמעריקע, האָט די „אַסאָשיאייטעד פּרעס״ געמאָלדן (דעם 30טן אויגוסט) פון וואַשינגטאָן, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג מאָנט ביי טשאַפּלינען אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר אין ניט־באַצאָלטע שטייערן פאַרן יאָר 1953, ווען ער האָט שוין געלעבט אין אייראָפּע אַלס ענגלישער בירגער.

אין 1956, ווען טשאַפּלין האָט שוין אָנגעהויבן אַרבעטן אויפן „קעניג״, איז די סומע פון ניט־באַצאָלטע שטייערן פאַרן יאָר 1953 געשטיגן צו אַרום

זיבן הונדערט טויזנט דאָלאַר. דעם 16טן יוני, 1956, האָט די „אַסאָשיאייטעד פרעס" געבראַכט אַ נייעם באַריכט, וואָס האָט דערציילט, אַז די רעגירונג שיקט אַ ספּעציעלן שליח קיין אייראָפּע אויפצומאָנען די סומע, אונטער־שטרייכנדיק, אַז „די ניט־באַצאָלטע שטייערן האָבן צו טאָן מיטן יאָר 1953, ווייל טשאַפּלין ווערט נאָך אַלץ באַטראַכט דורך דער אַמעריקאַנער רעגירונג אַלס פרעמד־געבוירענער איינוואוינער אין אַמעריקע, ניט־געקוקט אויף דעם, וואָס ער געפינט זיך אויסער די גרענעצן פון די פאַראייניקטע שטאַטן".

נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען צווישן דער רעגירונג אין וואַשינגטאָן און טשאַפּלינען איז דעם 29טן דעצעמבער, 1958, געקומען צו אַ הסכם צווישןביידע צדדים. די רעגירונג האָט אָנגענומען טשאַפּלינס פּריווילעקן אָנבאָט צו באַצאָלן די סומע פון 425 טויזנט דאָלאַר און האָט צוריקגעצויגן פון געריכט די שטייער־קלאגע קעגן דעם פילם־קינסטלער.

אָט־די און ענלעכע באַמיאונגען צו אונטערדריקן טשאַפּלינס „קעניג" ניט בלויז אין אַמעריקע, האָבן פולשטענדיק אָפּגעוואָרפן די באַהויפּטונגען פון געוויסע קריטיקער, אַז טשאַפּלין האָט זיך עטוואָס „פאַרשפּעטיקט" מיט זיין אַנטי־מעקאַרטי פילם (ניו־יאָרקער „ניו־רעפּאָבליק" פון 7טן אָקטאָבער, 1957) און באַשטעטיקט טשאַפּלינס דערקלערונג, אַז דער מעקאַרטיזם איז, צום באַדויערן, נאָך אַ ווירקזאַמער נעגאַטיווער כוח אין לאַנד.

טשאַפּלינס „אַ קעניג אין ניו־יאָרק" איז „אַנטי־אַמעריקאַניש", האָבן באַשלאָסן די יורשים פונעם גרויסן אינקוויזיטאָר, וועלכע האָבן, על־פי־רוב, אפילו ניט געזען דעם פילם.

באַלד נאָך דער פּרעמיערע פונעם „קעניג" אין לאָנדאָן, דעם 11טן סעפּטעמבער, 1957, האָט טשאַפּלין איינגעלאַדן קריטיקער צו אַ פּרעסע־אויפנאַמע און זיי געמאָלדן:

„איך האָב קיינמאָל ניט אָנגעגריפן אַמעריקע. איך האָב בלויז קרי־טיקירט אַ שענדלעכע מינדערהייט. איך אונטערשטרייך, אַ העסלעכע מינ־דערהייט, וואָס שטערט מיר אומצוקערן זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן... איך גלויב ניט, אַז די מכשפה־יעגערישע אַטמאָספערע האָט זיך גרינטלעך געענדיקט אין אַמעריקע. איך גלויב ניט, אַז איך האָב געבראַכט שאָדן צו אַמעריקע מיטן פילם... דער פילם וועט ניט באַליידיקן אַמעריקאַנער... דער פילם איז בלויז אַנטי־מעקאַרטיזם"...

טשאַפּלין האָט אויך אָפּגעוואָרפן די באַהויפּטונגען פון אַנדערע קרי־טיקער, אַז זיין „קעניג" איז דער „פּראָדוקט פון אַ פאַרביטערטן מענטשן" (לאָנדאָן „דעילי טעלעגראַף"). אין די אַלע יאָרן, וואָס טשאַפּלין איז גע־צוואונגען געוואָרן צו וואוינען אין אייראָפּע, האָט ער אונטערשטראָכן, אַז ער פירט ניט קיין נקמה־אַקטן קעגן אַמעריקע.

„אַמעריקע איז אַ וואונדערלעך לאַנד", האָט טשאַפּלין צווישן אַנדערן אונטערשטראָכן אויף אַ פייערונג אין לאָנדאָן לכבוד אים, דעם 9טן אָקטאָבער, 1952, בלויז געציילטע וואָכן נאָכדעם, ווי די מעקאַרטי־לייט האָבן אים און זיין משפחה פאַרטריבן פון לאַנד.

טשאַפּלינס זאָרג פאַרן גורל פון אַמעריקע, פאַר די רעכט פון אַמע־ריקאַנער אַלס פרייע בירגער פון אַ דעמאָקראַטיש לאַנד, איז געקומען צום אויסדרוק ביי פיל געלעגנהייטן אין זיינע ווענדונגען צו פריינט אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן אין די יאָרן 1954 און 1955. טשאַפּלין האָט געשריבן:

„דאָס פאַרלעצן די רעכט פון אַמעריקאַנער צו פאָרן אין אויסלאַנד באַווירקט יעדן געביט פון אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע און פרייהייט... דאָס אָפּזאָגן די רעכט פון אַמעריקאַנער צו פאָרן, אַ רעכט, וואָס ווערט אַזוי געשאַצט אין אויסלאַנד, איז נאַריש און אוממענטשלעך. דאָס פאַרניכטעט דעם אַמעריקאַנער פּרעסטיזש און רופט־אַרויס צווייפל און פאַרדאַכט אין לענדער, אין וועמענס פריינטשאַפט אַמעריקע נויטיקט זיך"...



טשאַרלי אין 1952: „איך בין איבערצייגט אַז די אַמעריקאַנער דעמאָ־קראַטיע וועט פאַרט בלייבן לעבן" (צייכענונג אין דער אומאָפּהענגי־קער וואָכנבלאַט פון האלאנד „ווירידזש נעדערלעאנד", 1952).

זיין טיפן גלויבן אין דער אויפריכטיקייט פונעם אַמעריקאַנער פאָלק האָט טשאַפּלין אונטערשטראָכן אפילו אין דעם מאָמענט, ווען ער איז אָנגע־קומען אין סעפּטעמבער, 1952, אין לאָנדאָן, אַלס איינער פון די קרבנות פון די מכשפה־יעגער. טשאַפּלין האָט דאַן דערקלערט עמפאַטיש:

„איך בין איבערצייגט, אַז די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע וועט לעבן".

זיין טיפן גלויבן אין דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע האָט טשאַפּלין אויך אונטערשטראָכן אינעם פילם „אַ קעניג אין ניו־יאָרק", ווען ער האָט דערמעגלעכט דעם „קעניגס" אַמעריקאַנער פריינדינע צו געזעגענען זיך מיטן אַנטוישטן גאַסט, מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

„זאָלסט ניט ציען קיין שלוס (וועגן אַמעריקע) פון די פאַסירונגען (מכשפה־יעגעריי) היינט־צו־טאָג. דאָס אַלץ איז בלויז אַ פאַרבייגייענדיקע דערשיינונג".

דעם פּאָזיטיוון מאָמענט האָבן באַמערקט און אונטערשטראָכן די קריטיקער אין ענגלאַנד, צווישן זיי דער קריטיקער פון דער ענגלישער פילם־צייטונג „דעילי פילם־רענטער", וועלכער האָט געשריבן וועגן פילם „אַ קעניג אין ניו־יאָרק":

„מיר האָבן פּאַר זיך פאַרווײַלונג פונעם העכסטן גראַד... טשאַפּלין באַנוצט די געשיכטע פון אַ קרייץ־צוג און די ערגסטע און אויסגעשפּראָכנסטע אַספּעקטן פון אַמעריקאַנער לעבן היינט־צו־טאָג, אונטערשטרייכנדיק, אַז דאָס אַלץ איז אַ פאַרבייגייענדיקע פּאַזע"...

אויף דעם קינסטלערישן עלעמענט אינעם פילם, דעם פאַרווײַלונגס־מאָמענט, האָט זיך אָפּגעשטעלט הויפּטזעכלעך דער קריטיקער פון דער לאָנדאָנער פּאָפּולערער צייטונג „סטאַר", וועלכער האָט געשריבן:

„איך בין געזעסן הילפלאָז און געלאַכט, צוקוקנדיק זיך צו טשאַרלי טשאַפּלין אין זיין נייעם פילם „אַ קעניג אין ניו־יאָרק"... די מוסקולן פון מיין מאָגן טוען מיר נאָך אַלץ ווי פון לאַכן, מיינע ריפּן זיינען נאָך אַלץ אָנגעשטרענגט, און מיינע אויגן זיינען נאָך אַלץ פייכט"...

די מערסטע קריטיקער פון איראָפּע, ספּעציעל פון פראַנקרייך, האָבן איינגעשטימט מיט דער אָפּשאַצונג, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער ענגלישער צייטונג „ניוס קראָניקל":

„טשאַרלי טשאַפּלינס נייער פילם „אַ קעניג אין ניו־יאָרק" וועט אַרויס־ברענגען פון די כלים דריי מינים פּאַנאַטיקער: דעם פיינשמעקער, דעם בייזן פאַרשוין און דעם פאַרהאַרטעוועטן פּאָליטיקער... ווי גוט ס'איז צו זען אַ פילם, וואָס זאָגט עפּעס. דער פילם „אַ קעניג אין ניו־יאָרק" דעקט־אויף מער ליגנס אין די 105 מינוט, איידער די 105 פילמס, וואָס איך האָב געזען אין משך פונעם גאַנצן יאָר".

אויף דער פייערלעכער אויפנאַמע פאַר דער פּרעסע אין לאָנדאָן, נאָך דער פּרעמיערע פונעם „קעניג", האָט טשאַפּלין געלאָזט וויסן:

„איך האָב געמאַכט אַ פּאָזיטיוון בייטראָג צו אַמעריקע מיט מיין נייעם פילם. „אַ קעניג אין ניו־יאָרק" איז מיין בעסטער פילם".

ווי שטענדיק, האָבן די מאַסן איינגעשטימט מיט זייער קינסטלער, מיט טשאַפּלינען. ביי די טעאַטער־פאָרשטעלונגען פון „אַ קעניג אין ניו־יאָרק" אין ענגלאַנד האָבן די צושויער געבראַכן אַן איינגעשטעלטע טראַדיציע. נאָך יעדער פאָרשטעלונג האָט דער עולם שטאַרק אַפּלאָדירט טשאַפּלינס „קעניג".

2.

אויפֿן לייוונט אין טעאַטער באַווייזט זיך די געשטאַלט פֿון טשאַפּלינס „קעניג".

דער „קעניג" איז אָנגעקומען מיט אַן עראָפּלאַן אין ניו־יאָרק, נאָכדעם ווי זיינע ראַטגעבער און מיניסטאָרן האָבן אויסגעליידיקט די מלוכה־קאַסע אין זיין קעניגרייך און האָבן דורכגעפירט אַ „פּוטש" קעגן אים.

אויפֿן לופט־פּאָרט אין ניו־יאָרק ווערט טשאַפּלינס „קעניג" באַגעגנט דורך אַ מחנה טומלדיקע רעפּאָרטערס, וועלכע ווילן אַרויסקריגן פֿון אים אַ סענסאַציע. דער „קעניג" דריקט־אויס פֿאַרוואונדערונג אויף אַזאַ פּאַראַד־נעם קבלת־פּנים פֿאַר אַ געוועזענעם הערשער פֿון אַ קליין לאַנד — דורך אַן עכטן טשאַפּלינישן קנייטש מיט דער פּלייצע. ער לאָזט וויסן די פֿאַר־זאַמלטע צייטונגסלייט, אַז זיין איינציקער באַגער איז איצט אויסצולעבן זיך ווי אַ ווירדיקער און פּראָדוקטיווער מענטש אין אַ פֿרייער דעמאָקראַטיע.

דער דאָזיקער באַגער פֿונעם „קעניג" שטויסט זיך אָבער אָן, שוין אין די ערשטע סצענעס פֿונעם פֿילם, אין דער טרויעריקער מעקאַרטישער ווירקלעכקייט פֿון יענע צייטן אין אַמעריקע. אימיגראַציע־באַאַמטע הויבן אָן באַאַרבעטן דעם „קעניג" און צווינגען אים צו געבן די פֿינגער־צייכנס פֿון זיינע הענט.

דער קעניג לאָזט אויך וויסן וואַשינגטאָן, אַז ער איז געקומען מיט אַ צוגעגרייטן פּלאַן פֿאַר דעם באַנוץ פֿון אַטאָם־ענערגיע פֿאַר פֿרידלעכע צוועקן. דער „קעניג" בעט די שטיצע פֿון וואַשינגטאָן צו פֿאַרווירקלעכן זיין פּלאַן לטובת אַמעריקע, לטובת דער מענטשהייט. דעם „קעניגס" ערשטע אַנטוישונג אין אַמעריקע: וואַשינגטאָן געפֿינט ניט פֿאַר נויטיק אפֿילו צו ענטפֿערן דעם „קעניג" מיט אַ יאָ אָדער ניין.

טשאַפּלינס „קעניג" שטויסט זיך אָן איינגיכן אויף די אַנדערע ווילדע איינשטעלונגען, וואָס האָבן געהערשט אויפֿן אַמעריקאַנער באָדן אין יענע מעקאַרטישע יאָרן: דאָס אָרט פֿון אידייען האָט פֿאַרנומען דער ווילדער גייעג נאָך דאָלאַרן, נאָך עולם־הזה; דאָס אָרט פֿון קולטור ביי דער יוגנט האָבן פֿאַרנומען זינלאָזע וואַקכאַנאַליעס; דאָס אָרט פֿון דענקען און שאַפֿן קולטור־ווערטן האָבן פֿאַרנומען שרעק און מסירות; די ווירדע פֿונעם מענטשן איז פֿאַרביטן געוואָרן דורך מאָראַלער און גייסטיקער געפֿאַלנקייט; היסטערישע אינקוויזיציעס און רעכטלאָזע פֿאַרפֿאָלגונגען האָבן זיך פֿאַר־מאָסטן צו דערשטיקן און אונטערדריקן די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, די רעכט פֿונעם אַמעריקאַנער פֿאָלק.

צוערשט, ווערט געוויזן אינעם פֿילם, ווערט דער „קעניג" פֿאַרנאַרט, מיט דער הילף פֿון אַ שיינהייט און באַהאַלטענע טעלעוויזיע־אַפּאַראַטן אין זיין האָטעל־צימער, צו פֿאַרקויפֿן פֿאַרשיידענע ווערטלאָזע מעדיצינען. שפּעטער־צו, ווען דער „קעניג" איז שוין געצוואונגען, צוליב זיין ביטערער עקאָנאָמישער לאַגע, צו פֿאַרדינגען זיך „פּרייוויליק" צו די טעלעוויזיע־מאַגנאַטן, לאָזט ער דורכפֿירן אַן אָפּעראַציע איבער זיין פּנים, כדי ער זאָל

אויסקוקן ווי אַ יונגערמאַנטשיק, כדי ער זאָל שטאַרקער באַווירקן דעם עולם ביים פֿאַרקויפֿן זיי, דורך דער טעלעוויזיע, בראַנפֿן, וואָס האָט דעם טעם פֿון חלשות, און ווערטלאָזע שמירעכצן, וועלכע קאָנען כלומרשט פֿאַרטרייבן אַ שלעכטן ריח פֿון קערפּער.

דער אַרויפֿגעאַרבעטער „קעניג" קריגט אויך אַ מעגלעכקייט, מיט דער הילף פֿון זיינע נייע פֿריינט, די פּראָדוצירער פֿון די טעלעוויזיע־פּראָגראַמען, צו באַקענען זיך מיט דער „קולטור" פֿון אַמעריקע אין דעם מעקאַרטי־פּעריאָד. אין זייער געזעלשאַפֿט באַזוכט ער נאַכט־קלובן און פֿילם־טעאַטערס. אין איין טעאַטער ווערט געוויזן דער פֿילם „אַ מערדער מיט אַ נשמה". אין אַ צווייטן טעאַטער לאָזט מען וויסן, דורך אויפֿשריפֿטן אויפֿן לייוונט, די פּראָגראַמען פֿאַר די קומענדיקע וואָכן: „אַ מאַן אָדער אַ פֿרוי — פּראָבלעם־דראַמע"; „ער האָט דערמאָרדעט פֿאַר דיין וואוילזיין"; „טעראָר באַווייזט זיך ווידער". לסוף באַווייזט זיך אויפֿן לייוונט, מיט גרויסע אותיות, די איינלאַדונג: „קומט אַליין און ברענגט אייערע משפּחות צו זען די דערמאָנטע פֿילמס".

טשאַפּלינס „קעניג" קומט־אַריין אין דעם פֿילם־טעאַטער, בעת אויף דער בינע שפּילט אַ דזשעז־אָרקעסטער. דער טעאַטער איז איבערגעפּאַקט מיט יוגנטלעכע. זיי טאַנצן ווילד אויף זייערע זיץ־פּלעצער, זיי שפּרינגען ווי צעיושעטע חיות; זיי וואַלגערן זיך אויפֿן דיל אין עקסטאַז, ביז זיי פֿאַלן ממש אין חלשות.

איין מיידל, וואָס איז אין גרויס עקסטאַז אַריינגעפֿאַלן אין קאָנוואולסיעס און וואַלגערט זיך אויפֿן דיל, בייסט דעם „קעניג" אין פֿוס.

אין טעאַטער: די יוגנט — די צוקונפֿט פֿון פֿאָלק!

די זעלבע זינלאָזיקייט און פֿאַרגרעבטע פּוסטקייט אַנטדעקט דער גאַסט פֿון אויסלאַנד — טשאַפּלינס „קעניג" — אויך ביי די אַזוי־גערופֿענע „סאָלידע" בירגער פֿון לאַנד. זיי פֿאַקן־אָן די נאַכט־קלובן. אויך זיי, די סאָלידע בירגער פֿון דער געזעלשאַפֿט, ווי די יוגנטלעכע אין טעאַטער, זיינען אָנגעלאָדן מיט עקסטאַז, ענערגיע און היסטעריע. דער גערויש אין נאַכט־קלוב איז אַזוי גרויס, אַז די מערסטע באַדינער ליידן פּשוט פֿון טויבקייט און קאָנען ניט אויפֿכאַפּן די באַשטעלונגען פֿון די אויסגעפּוצטע דאַמען און הערן, אַלע אָנגעשיכורט, פֿאַר נאָך שפּייז, פֿאַר נאָך געטראַנקען.

אין „אַ קעניג אין ניו־יאָרק" האָט טשאַפּלין באַנוצט הויפּטזעכלעך זיין רייכע שפּראַך פֿון פֿילם־פּאַנטאָמימע. טשאַפּלין האָט געהאַט אפֿילו געמאָלדן, אַז ווען ער וואָלט געהאַט געאיבטע פֿילם־שוישפּילער פֿון די אַמאָליקע צייטן, וואָלט ער געשאַפֿן דעם „קעניג" דורכאויס אַלס אַ פּאַנטאָמימע־פֿילם. אָבער אויך מיט אַלע שוועריקייטן האָט טשאַפּלין אַריינגעפֿלאָכטן אין דעם „קעניג" פֿיל עכטע פּאַנטאָמימע־סצענעס.

איינע פֿון די סאַמע כאַראַקטעריסטישע סצענעס פֿון דעם מין שפּילט זיך אָפּ אין נאַכט־קלוב. דער פֿאַרטויבטער באַדינער קאָן ניט, מחמת דעם טומל און הו־האַ, אויפֿכאַפּן וואָס דער „קעניג" האָט באַשטעלט צו ברענגען צום טיש. אין זיין גרויס פֿאַרצווייפֿלונג איז דער „קעניג" געצוואונגען

אויסצושפּילן מיט זיינע צען פֿינגער די באַשטעלונג: שילדקרויט־סופּ (טוירטל) און קאַוויאַר.

אָט־די עכטע טשאַפּלינישע פֿאַנטאַמימע־סצענע אינעם פֿילם פֿון 1957 דערמאָנט שטאַרק אין אַן ענלעכן עפּיזאָד אין זיין פֿילם „דער גײַיעג נאָך גאָלד" פֿון 1925. אין יענעם עפּיזאָד האָט טשאַפּלינס העלד אויסגעדריקט זיין וויטיק, פֿאַרביטערונג און אַנטוישונג ביי אַ געדעקטן טיש, ביי־יאָר ביינאַכט, דורך דעם קלאַסישן טאַנץ פֿון גאָפּלען און לעפֿל.

די טראַגי־קאָמישע האַנדלונגען אינעם פֿילם אין ערשטן טייל, די שילדערונגען אויפֿן לייוונט פֿון דער סביבה פֿון „חי־געלעבט — נאָך אונדז דער מבול", דינען ווי אַ קאָרידאָר, איבער וועלכן טשאַפּלין פֿירט דעם צושויער צום אומריינעם קוואַל פֿון קולטורלאָזיקייט, גייציקייט, פּוסט־קייט און זינלאָזיקייט — צום מעקאַרטיזם, צו די מכשפֿה־געיעגן, צו די אינקוויזיציעס. דאָס אָרט פֿון טראַגי־קאָמיזם פֿאַרנעמט אינעם פֿילם טשאַפּלינס קינסטלערישער פּאַטאָס.

טשאַפּלינס „קעניג", ווי זיינע אַנדערע באַוואוסטזיניקע העלדן פֿון זיינע לעצטע רייפֿע פֿילם־שאַפֿונגען, איז פֿאַראינטערעסירט אין אַלע פֿאַזן פֿונעם לעבן אין אַמעריקע. ער איז פֿאַראינטערעסירט אין דער דערציאונג פֿונעם יונגן דור. דער „קעניג" באַזוכט אַ קינדער־שול. אין שול באַקענט ער זיך מיט אַ ייִנגל, וועמען דער דירעקטאָר און די אַנדערע קינדער האָבן אַריינגעלייגט אין חרם. די קינדער פֿאַרביטערן דאָס לעבן פֿונעם ייִנגל, און דער דירעקטאָר מאַכט זיך ניט זעענדיק, ניט וויסנדיק. דאָס ייִנגל האָט אויף זיך אַ היפּש ביסל „חטאים". ער לייענט צו־פֿיל. ער לייענט ערנסטע ביכער, האָט אַ מיינונג אפֿילו וועגן קאַרל מאַרקסן און שרעקט זיך ניט אויסצודריקן זיין מיינונג.

דאָס ייִנגל האָט זיך נאָך אויך פֿאַרזינדיקט דורכדעם, וואָס זיינע עלטערן, לערער, זיינען דורך די מכשפֿה־יעגער גערופֿן געוואָרן צו אַן אינקוויזיציע־פֿאַרהער און האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו מסרן אויף זייערע פֿריינט. דערפֿאַר זיינען די עלטערן פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אויף דער קלאַגע פֿון „קאָנגרעס־באַליידיקונג" (קאָנטעמפּט).

דעם ייִנגלס אייגנשאַפֿטן און דער יחוס פֿון זיינע עלטערן נעמען שטאַרק אויס ביים „קעניג". ער באַפֿריינדעט זיך מיטן ייִנגל. ווען דאָס ייִנגל קאָן מער ניט אויסהאַלטן דעם מעקאַרטישן רעזשים אין שול, לאָזט ער זיך אַוועק, אין אַ ביטערן ווינטער־טאָג, איבער די גאַסן פֿון ניו־יאָרק. דער „קעניג" געפֿינט אים, נעמט אים אַריין צו זיך אין לוקסוס־האָטעל, באַ־שפּייזט אים, גיט אים וואַרעמע קליידער און לאַדט אים איין אַלס זיין גאַסט אין האָטעל.

דעם „קעניגס" פֿריינטשאַפֿט פֿאַר דעם ייִנגל פֿירט אָבער צו אַ ריי אומאָנגענעמלעכקייטן. אַגענטן פֿון די אינקוויזיטאָרן הויבן־אָן נאָכצושפּי־אָנירן דעם „קעניג". אַ טעלעוויזיע־רעפּאָרטער גרייט־צו אַ בראָדקעסט מיט אַ וואָרנונג צו „מר. און מרס. אַמעריקע זיך צו באַשיצן קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן שפּיאָן", דעם „קעניג".

לסוף קריגט דער „קעניג" אַליין די באַרימטע „איינלאַדונג" (סובפּינאַ) אויפצוטרעטן אויף אַ פאַרהער פון דער אומאַמעריקאַנער קאָמיטע.

פון פּאַטאָס, אין די שילדערונגען פון די באַציאונגען צווישן „קעניג" און דעם יינגל, גייט טשאַפּלין דערנאָך אַריבער צו סאַטירע, אויסדריקנדיק דערביי זיין פאַראַכט־באַציאונג צו די אינקוויזיטאָרן.

אויפן לייוונט באַווייזן זיך די פאַרשוינען, וואָס האָבן דערפירט צו דער „אַמעריקאַנער טראַגעדיע" פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. די אינקוויזיטאָרן קומען־אַריין אין פאַרהער־צימער און גרייטן זיך צו דער אַרבעט. דאָס צימער איז אָנגעפּאַקט מיט צייטונגסלייט, וועלכע דערוואַרטן ווידעראַמאָל סענסאַציעס פון „קעניג". טעלעוויזיע־אַפּאַראַטן ווערן צוגעגרייט צו ברענגען דעם גאַנצן פאַרהער פון דעם „געפערלעכן קעניג" אין די היימען פון „מר. און מרס. אַמעריקע". אין דער צווישנצייט מאַכן די אינקוויזיטאָרן, זייערע הכנות. יעדער איינער פון די אינקוויזיטאָרן, ווערט געוויזן אינעם פילם, באַדעקט דאָס פּנים און דעם קאָפּ מיט ספּעציעלע שמירעכצן, כדי אויסצוזען ווי אַ פילם־שטערן דורך די אויגן פון טעלעוויזיע בעת דעם פאַרהער.

אויך אין „אַ קעניג אין ניו־יאָרק", ווי אין זיינע פריערדיקע פילמס, האָט טשאַפּלינס העלד דאָס לעצטע וואָרט אין זיין פאַנטאָמימע־געפעכט מיט זיינע קעגנער און שונאים. „דער קעניג", ווערט געוויזן אינעם פילם, לויפט שנעל צו די פאַרהערן, כדי ניט פאַרשיקט צו ווערן אין תפיסה אונטער דער קלאַגע פון קאָנגרעס־באַליידיקונג פאַר קומען עטלעכע מינוט שפּעט. לויפנדיק אַזוי, פאַרהאַקט זיך אַ פינגער פון זיין האַנט אין אַ וואַסער־רער פון פייערלעשער. דער „קעניג" קאָן בשום אופן ניט אַרויסשלעפּן דעם פינגער און ברענגט צו שלעפּן מיט זיך די גאַנצע וואַסער־רער אין פאַרהער־צימער.

דער „קעניג" הויבט־אויף זיין האַנט צו געבן אַ שבועה, אַז ער וועט זאָגן „דעם אמת און בלויז דעם אמת". פּלוצים הויבט־אָן גיסן אַ שטראָם וואַסער פון דער רער. ניט־ווילנדיק, פאַרשטייט זיך, דרייט זיך אויס טשאַפּלינס העלד, דער „קעניג", צו די אינקוויזיטאָרן, וועלכע ווערן באַגאָסן פון קאָפּ ביז די פיס מיט וואַסער.

נאָך זיין דערפאַרונג מיט די אינקוויזיטאָרן באַשליסט דער אַנטוישטער „קעניג" צו פאַרלאָזן אַמעריקע. טשאַפּלינס נייסטער פילם דערנענטערט זיך צו זיין נאַטירלעכן סוף: די טראַגעדיע פונעם אַמעריקאַנער פאָלק אונטער מעקאַרטיזם — דער טיפער און האָפערדיקער גלויבן, אַז דאָס אַלץ איז אַ פאַרבייגייענדיקע פּאַזע.

דער „קעניג" קומט אין שול זיך געזעגענען מיט זיין נייעם פריינט, דעם יינגל. דער דירעקטאָר פון שול שטעלט איצט פאָר דאָס יינגל אַלס „העלד און פּאַטריאָט". מיט שטאָלץ דערציילט דער דירעקטאָר דעם „קעניג", אַז דאָס יינגל האָט געהאָלפן באַפרייען זיינע עלטערן פון טורמע.

דאָס יינגל, באַרימט זיך דער דירעקטאָר פאַרן „קעניג", האָט ענדלעך אַרויסגעגעבן די נעמען פון זיינע עלטערנס פריינט.

טרערן גיסן זיך פון יינגלס אויגן...

.3

„אַ קעניג אין ניו־יאָרק״ האָט אָפּגעשלאָסן נאָך אַ קאַפּיטל אין לעבן פון דעם 68־יאָריקן טשאַרלי טשאַפּלין, וועמענס שעפערישע טעטיקייטן ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן ביי אים צו 25 יאָר מיט זיין ערשטער פילם־קאָמע־דיע „אַבי צו מאַכן אַ לעבן״. אין משך פון די 43 יאָר האָט טשאַפּלין פּראָ־דוצירט אַכציק פילמס.

טשאַפּלינס שאַפונגס־שפּאַן קאָן איינגעטיילט ווערן אין דריי באַשטימטע פּעריאָדן. אין יעדן פּעריאָד קומען צום פאָדערגרונט געוויסע כאַראַקטעריס־טישע קינסטלערישע שטריכן און מיטלען וואָס טשאַפּלין האָט גענוצט, כדי אַרויסצוברענגען דעם אינהאַלט פון זיינע פילם־שאַפונגען און פאָרשטעלן זיין העלד.



טשאַרלי (לינקס) אין דער ראָל פון אַ פּרוי („אַ פּרוי״, יולי, 1915).

דער ערשטער פּעריאָד הויבט זיך אָן אין 1914, ווען ער האָט אָנגעהויבן פּראָדוצירן לייכטע און קורצע פילם־קאָמעדיעס פאַר דער „קיסטאָון קאָמ־פּאַני״. אין 1915 איז ער אַריבער צו דער „עסענעי קאָמפּאַני״. דער ערשטער פּעריאָד איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט צוועלף פילמס, וואָס טשאַפּלין האָט געשאַפן אין די יאָרן 1916־1917 פאַר דער „מיוטשועל קאָמפּאַני״.

צווישן די מער באַקאַנטע פילם־קאָמעדיעס פון דעם ערשטן פּעריאָד זיינען: „זיין פאַר־היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט״ (1914); „דער טשעמפּיאָן״ (1915); „אַ פּרוי״ (1915); „אַרבעט״ (1915); „דער טרעמפּ״ (1915); „די באַנק״ (1915); „קאַרמען״ (1916); „פּאָליציי״ (1916); „דער אויפ־פּאַסער אין גרויסן געשעפט״ (1916); „איינס אַזייגער פאַרטאָג״ (1916), „דער וואַנדערער״ (1916); „דער גראַף״ (1916); „דער לאָמבאַרד״ (1916); „די גאַס פון אַ לייכט לעבן״ (1917); „די היילונג״ (1917) און „דער אימי־גראַנט״ (1917).

דער צווייטער פעריאָד אין טשאַפּלינס שאַפונגען האָט זיך אָנגעהויבן אין 1918, ווען ער האָט זיך אונטערגענומען צו פּראָדוצירן פאַר דער „פוירסט נעשאָנאַל קאָמפּאַני" אַכט פילם־קאָמעדיעס, און ענדיקט זיך אין 1928 נאָכדעם, ווי ער האָט געשאַפן אַלס אַן אומאָפּהענגיקער פּראָדוצירער די דריי גרעסערע פילמס: „אַ פרוי פון פּאַריז" (1923); „דער גייער נאָך גאָלד" (1925) און „דער צירק" (1928).

כמעט יעדער פילם פון דעם צווייטן פעריאָד ווערט אין דער וועלט פון קונסט באַטראַכט אַלס אַ מאָנומענט פאַרן לעבעדיקן טשאַפּלין אין זיינע באַמיאונגען צו גרייכן נייע הויכן. צווישן די פילמס, וואָס ער האָט געשאַפן אין יענעם פעריאָד, געפינען זיך אויך: „אַ הינטיש לעבן" (1918); „ביקס אויף פּלייצע" (1918); „דאָס קינד" (1921); „דער קלאַס פון ליידיקגייער" (1921); „אין טאָג פון שכירות" (1922) און „עולה־רגל" (1923).

אינעם דריטן פעריאָד האָט טשאַפּלין געשאַפן, אַלס אומאָפּהענגיקער פּראָדוצירער, די פאָלגנדיקע זעקס גרויסע פילמס: „ליכט פון שטאָט" (1931); „מאָדערנע צייטן" (1936); „דער גרויסער דיקטאַטאָר" (1940); „מעסיע ווערדו" (1947); „בינע־ליכט" (1952) און „אַ קעניג אין ניו־יאָרק" (1957).

אין די ערשטע יאָרן פלעגט טשאַפּלין דערשיינען, אין דורכשניט, יעדע וואָך אין אַ נייעם פילם. אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר פּראָדוצירט טשאַפּלין אַ נייעם פילם, אין דורכשניט, יעדע פינף יאָר. די ערשטע עטלעכע צענדליק טשאַפּלין־פילמס פלעגט דויערן צו ווייזן אויפן לייוונט פון פינף ביז צען מינוט. אומגעפער צוויי שעה דויערט ווייזן אויפן לייוונט יעדן איינעם פון טשאַפּלינס לעצטע פילם־שאַפונגען.

דער הויפּט־שטריך אינעם ערשטן פעריאָד איז געקומען צום אויסדרוק אין טשאַפּלינס באַמיאונגען צו געפינען די נויטיקע און פּאַסיקע קונסט־מיטלען, צו אַנטוויקלען דעם געהעריקן אינהאַלט פאַר דער פילם־קאָמעדיע און צו שאַפן זיין רעפּרעזענטאַטיוון העלד.

„אַלץ פאַר געלעכטער" איז געווען דער מאָטאָ אין דער וועלט פון פילם־קאָמעדיעס, ווען דער יונגער און אומדערפאַרענער טשאַפּלין האָט זיך באַוויזן אין האָליוואוד. וועגן טשאַפּלינס ערשטן אויפטריט אין דער קאָמעדיע „אַבי צו מאַכן אַ לעבן" האָט די „מאָושאָן פּיקטשור וואָרלד" געשריבן: „דער קלוגער שוישפּילער, וועלכער פירט־דורך די ראָל פון אַ פּיפיקן יונגנמאַן, איז אַ קאָמיקער פון ערשטן גראַד".

טשאַפּלין האָט געהאַט געוויסע שוועריקייטן מיט די געניטע פאַכמענער פון דער פילם־קאָמעדיע אין האָליוואוד. אַזוי שנעל, ווי ער האָט זיך באַוויזן אין האָליוואוד, האָט טשאַפּלין גענומען איינשטעלן זיין אייגענע שיטה, זיין אייגענעם צוגאַנג צו דער פילם־קאָמעדיע. טשאַפּלינס שיטה איז באַשטאַנען אין צוגעבן עטוואָס, אין יעדן נייעם פילם, צו דער פילם־שפּראַך, עטוואָס צום כאַראַקטער פונעם העלד, עטוואָס צום אינהאַלט.

שוין אין איינער פון זיינע ערשטע פילם־קאָמעדיעס, אין „דער נייער הויז־באַדינער", ברענגט־אַריין טשאַפּלין — אמת, אויף אַ גאַנץ פּרימיטיוון אופן —

דעם מאָמענט פון סאָציאַלן פּראָטעסט. זיין קליין מענטשעלע, דער נייער באַ־דינער, ווערט געוויזן אינעם פילם, וואַרפט אַראָפּ פון פענסטער אַן עמער וואַסער אויפן קאָפּ פון דעם פּאַרשקלאַפערישן באַלעבאָס.

זיין העלד איז באַרייכערט געוואָרן מיט די הויפּט־שטריכן פונעם קליין־מענטשעלע, ווען טשאַפּלין האָט אים אויסגעפּוצט (אין זיין צווייטן פילם „אויטאָ פאַרמעסט פון קינדער") אין דעם באַרימטן קאָסטיום.

עטוואָס שפּעטער, סוף 1914, הויבט־אָן טשאַפּלין אַנטוויקלען אין זיינע פילמס די טעמע פון אייביקן טרוים פון זיין קליין מענטשעלע וועגן אַן ערדישן גן־עדן און דערציילן אויפן לייוונט וועגן דעם אייביקן קאַמף צווישן קליין מענטשעלע און דער מאַכט בצורת פּאָליסמאַן. אין דער פילם־קאָמעדיע „זיין פּאַר־היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט" באַווייזט זיך טשאַפּלינס הימלאָזער העלד אויף אַ באַנק אין אַ פּאַרק. ער חלומט וועגן געבראָטענע טייבעלעך אין גן־עדן. אַ דובינקע פון פּאָליציימאַן רייסט־איבער זיין זיסן חלום.

אָנהויב 1915 ווערט טשאַפּלינס פילם־שפּראַך באַרייכערט דורך דעם עלעמענט פון פּאַטאָס. אין דער פילם־קאָמעדיע „דער טרעמפּ" ווערט טשאַפּ־לינס העלד פּאַרטריבן פון אַ פאַרם. די לעצטע סצענע, ווי דער טרעמפּ לאָזט זיך ווידער אַוועק איבער דער וועלט זוכן גליק, איז פול מיט פּעסימיזם און פּאַטאָס. ענלעכע סצענעס ווערן געוויזן אין אַ צאָל אַנדערע טשאַפּלין־שאַפונגען.

אויך סאַטירע הויבט־אָן פאַרנעמען אַן אָרט אין טשאַפּלינס שאַפונגען פונעם ערשטן פּעריאָד. אין זיין פילם־קאָמעדיע „קאַרמען" (1916) ווערט דורך סאַטירע געמאַכט חוזק פון „קונסט לשם קונסט".

אַ קאַריקאַטור פון „סאָסאַיעטי"־לעבן קאָן מען געפינען אין די קורצע פילמס פון יענעם פּעריאָד, ווי: „די גרויזאַמע, גרויזאַמע ליבע" (1914), „פּאַרכאַפּט אין אַ קאַבאַרעט" (1914), „איר פּריינט, דער באַנדיט" (1914), „דער גראַף" (1916) און „די היילונג" (1917).

לסוף פונעם ערשטן פּעריאָד קומט צום אויסדרוק, דורך שאַרפע שטריכן, דער סאָציאַלער אינהאַלט, וואָס טשאַפּלין האָט אָנגעהויבן אַריינצוברענגען אין די פילם־קאָמעדיעס פונעם ערשטן טאָג־אָן, זינט ער איז דערשינען אין האָליוואוד. טשאַפּלין האָט פאַרענדיקט יענעם פּעריאָד אין זיין שאַפונגס־שפּאַן דורך די קאָמעדיעס „די גאַס פון אַ לייכט לעבן" און „דער אימיגראַנט".

אין דער פילם־קאָמעדיע „די גאַס" קומט טשאַפּלינס קליין מענטשעלע צו־הילף דער אָרעמקייט אין שטאָט, וואָס ווערט אונטערדריקט דורך קאָרופּ־טירטע פּאָליטישנס, דורך דער אונטערוועלט און דורך דער הילפלאָזיקייט פון דער פּאָליציי.

אַ קלאַסישע סצענע אין דער פילם־קונסט, אַ סצענע, וואָס צייכנט־אָן טשאַפּלינס נייעם וועג פון „לאַכן דורך טרערן", געפינט זיך אין דער פילם־קאָמעדיע „דער אימיגראַנט". אויפן לייוונט באַווייזט זיך אַ שיף, וואָס פירט אימיגראַנטן קיין אַמעריקע. די דערשלאָגענע אימיגראַנטן פאַרזאַמלען זיך אויפן דעק פון דער שיף, כדי צו באַגריסן אין ניו־יאָרקער האַפן די „פרייהייט־

סטאַטוע״. אימיגראַציע־באַאַמטע הויבן־אָן צו שטופּן און יאָגן די אימי־גראַנטן, ווי אַ סטאַדע שאָף, צוריק אין דריטן קלאַס, אונטן.

ביסלעכווייז, אָבער מיט זיכערע טריט, האָט טשאַפּלין זיך דערנעענטערט, דורך זיינע פילם־שאַפונגען, צום ראַנד פון טאָג־טעגלעכן לעבן.

4.

אינעם צווייטן פּעריאָד פון טשאַפּלינס שאַפונגען איז זיין העלד שוין געשטאַנען מיט איין פוס אין רעאַלן לעבן.

טשאַפּלין האָט אָפּגעשאַפט אינגאַנצן די קאָמעדיע לשם קאָמעדיע, דאָס לאַכן לשם לאַכן, און האָט אויך בטל געמאַכט ביז אַ געוויסער מאָס די האָלי־וואוד־טראַדיציע פון לאַכן אויפן חשבון פונעם שוואַכן, געשלאָגענעם, גע־רודפטן.

טשאַפּלינס העלד, דאָס קליין מענטשעלע, האָט אין דעם פּעריאָד גע־וואַנדערט איבער דער וועלט מיט אָפענע אויגן. ער האָט אָנגעהויבן אַנט־דעקן דאָס לעבן, די פּראָבלעמען אין לעבן. ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן און זיך פאַרטראַכטן. טשאַפּלינס העלד האָט אָנגעהויבןריידן, אין דער פילם־שפּראַך, וועגן לעבן, וועגן פּראָבלעמען.

דראַמע־טראַגעדיע זיינען געווען די נייע עלעמענטן, וואָס טשאַפּלין האָט אַריינגעבראַכט אין זיינע שאַפונגען, כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט זיין העלד אַראָפּצוריידן זיך פון האַרצן וועגן לעבן. דראַמע־טראַגעדיע זיינען געווען די הויפּט־עלעמענטן, מיט וועלכע טשאַפּלין האָט אָפּערירט אין דעם פילם „אַ פרוי פון פּאַריז״ (1923). טשאַפּלין האָט בלויז פּראָדוצירט דעם פילם. אַליין האָט ער קיין ראָל ניט דורכגעפירט. דער פילם אַ „פרוי פון פּאַריז״ ווערט אָבער באַטראַכט, ווי זיין „געיעג נאָך גאָלד״, צווישן די צען בעסטע פילמס פון אַלע צייטן.

טשאַפּלין האָט אין דעם פּעריאָד אויך באַרייכערט זיין פילם־קונסט דורך אַנטוויקלען אַ פול־בלוטיקן סיפּור המעשה. כמעט אין יעדן פילם האָט ער איצט דערציילט אַ געשיכטע, און אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע אויך.

אין יעדן פילם פון דעם פּעריאָד ווערט אַרויסגעהויבן אַ וויכטיקע פּראָב־לעם: „ביקס אויף פּלייצע״ (1918) — די פּראָבלעם פון מלחמה און שלום; „זוניק־לאַנד״ (1919) — די פּראָבלעם פון עקספּלואַטאַציע; „דאָס קינד״ (1921) — די גרויזאַמע באַציאונג פון דער קירך צום מענטשן, וואָס האָט זיך „פאַרזינדיקט״; „דער געיעג נאָך גאָלד״ (1925) — די גייציקייט און דער־נידעריקונג פון דעם פּראָפעסיאָנעלן גאָלד־זוכער.

אין דעם פּעריאָד האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט טשאַפּלינס פילם־שפּראַך — פאַנטאָמימע. פונעם לייוונט האָט טשאַפּלינס העלד איצט געקאָנט ריידן צו די מיליאָנען אין אַ רייכער פילם־שפּראַך, וואָס האָט אַריינגענומען: קאָמעדיע און טראַגעדיע, סאַטירע און דראַמע; קאַריקאַטור און פּאַטאָס.

אין „אַ ביקס אויף פּלייצע״ זוכט דער סאָלדאַט צו איבערצייגן אַ פראַנצויזין, אַז ער איז אַן אַמעריקאַנער. דער סאָלדאַט הויבט־אויף אַ ציגל

און גיט זיך אַ זעץ אין קאָפּ... און הויבט־אָן נאָכצומאַכן שטערן און פּאַסן פון דער אַמעריקאַנער פּאָן. אין זעלבן פילם פאַרשטעלט זיך אויך דער סאָל־דאַט פאַר אַ בוים, כדי צו פאַרנאַרן דייטשע סאָלדאַטן.

אינעם פילם „אַ קינד" שפּילט זיך אָפּ אַ פּאַטעטישע סצענע, ווען אַ יונגע פרוי, וואָס ווערט ניט אַריינגעלאָזט אין קירך צוליב איר „אומגעזעצלעך" קינד, קוקט אַריין דורך אַ פענצטער אין קירך און זעט ווי אַ גלח מאַכט חתונה אַן אַלטן מיליאָנער מיט אַ יונג מיידל, וואָס ער האָט זיך וואַרשיינלעך איינגע־קויפט...

דער פילם „עולה־רגל" האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער קאָמישער סצענע, אין וועלכער דער גלח, אַן אַנטלאָפענער אַרעסטאַנט, שילדערט אין קירך דעם געפעכט צווישן דודן און גליתן.

די רייכקייט פון טשאַפּלינס פילם־שפּראַך איז געקומען צום אויסדרוק אין „דער געיעג נאָך גאָלד", וואָס איז דער וויכטיקסטער פילם פון יענעם פעריאָד. דער פילם, וואָס שפּיגלט־אָפּ הויפּטזעכלעך די געפּאַלנקייט פונעם מענטשן, וועלכער לעבט בלויז פאַרן צוועק צו געפינען גאָלד, איז אָנגע־פיקעוועט מיט סצענעס און סצענקעס, וואָס רופן־אַרויס ביים צושויער אַ הילכיקן געלעכטער און טרערן דערביי.

אין איינער פון די סאַמע ווירקזאַמסטע סצענעס אינעם פילם ווערט גע־שילדערט אויפן לייוונט, ווי די צוויי פאַרהונגערטע און פאַרפרוירענע גאָלד־זוכער קאָכן־אָפּ אַ פּאָר שיך אין הייסן וואַסער, באַלעקן זיך מיט די טשוועקעס פון די שיך, ווי זיי וואָלטן געווען ביינער פון אַ פעטער הון, און עסן די שיך־שנירלעך מיטן זעלבן אַפּעטיט, ווי מען עסט באַפּעפערטע לאָקשן.



טשאַרלי, אַן אַנטלאָפענער אַרעסטאַנט, אין דער ראָל פון אַ גלח, באַ־צויבערט די מתפּללים אין קירך דורך אַ פּאַנטאָמימע־שילדערונג פון דעם געפעכט צווישן דודן און גליתן („עולה רגל", פעב., 1923).

רעאַליזם אין באַהאַנדלען לעבנס־פּראָבלעמען; אַ העכסט־אַנטוויקלטע און רייכע פֿאַנטאַזיע־שפּראַך אַלס אַ קונסט־מיטל; אַ העלד, וועלכער טשוכעט זיך אויס פון פּוסטע טרוימען און הויבט־אָן צו קומען צו זיין פולן באַוואוסטזיין — דאָס זיינען די הויפט־שטריכן פון טשאַפּלינס שאַפונגען אין דעם פעריאָד.

דאָס לעבן גופא, די סאַמע אַקטועלסטע און קאָנקרעטסטע פּראָבלעמען פונעם לעבן אין די לעצטע צוואַנציק יאָר, האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט קינסטלעריש אין טשאַפּלינס שאַפונגען אינעם דריטן פעריאָד. זינט 1931 האָבן זיך באַוויזן אויפן לייוונט: „ליכט פון שטאָט", „מאָדערנע צייטן", „דער גרויסער דיקטאַטאָר", „מעסיע ווערדו", „בינע־ליכט" און „אַ קעניג אין ניו־יאָרק".

טשאַפּלינס העלד, דאָס קליין מענטשעלע, איז איצט געשטאַנען מיט ביידע פיס אין לעבן.

טשאַפּלין, דער וויכטיקסטער פילם־קינסטלער פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, איז געשטאַנען מיטן פנים צום לעבן.

„אַ קעניג אין ניו־יאָרק" האָט ניט בלויז אָפּגעשפּיגלט דורך טשאַפּלינס קאָלירפולער פילם־שפּראַך דאָס טראַגישע קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אַמעריקע אין די לעצטע יאָרן. דער פילם „אַ קעניג אין ניו־יאָרק" וועט דינען די צוקונפטיקע דורות ווי אַ וואָרנונג קעגן יעדן מין מעקאַרטיזם, קעגן יעדן מין אינקוויזיציע אין יעדן לאַנד פון דער וועלט.

„אַ קעניג אין ניו־יאָרק" איז מיין בעסטער פילם" — האָט טשאַפּלין דערקלערט באַלד נאָך דער וועלט־פּרעמיערע, דעם 11טן סעפּטעמבער, 1957, אין לאָנדאָן.

.5

אַן אָנגעשטרענגטע שטילקייט האָט געהערשט אין זאַל פון „סאַוואָי" האָטעל אין לאָנדאָן, וואו דריי הונדערט איינגעלאַדענע צייטונגסלייט האָבן זיך פאַרזאַמלט נאָך דער פּרעמיערע פון „אַ קעניג אין ניו־יאָרק".

די געסט האָבן געוואַרט אויפן וואָרט פון גרייז־גרויען טשאַרלי טשאַפּלין.

אַ בקשה פון די צייטונגס־פאָטאָגראַפערס האָט איבערגעריסן די שטילקייט. זיי האָבן געבעטן טשאַפּלינען אויסצושפּילן פאַר זייערע פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן די ראָל פון קליין מענטשעלע, ווי ער האָט אויסגעזען מיט יאָרן, יאָרן צוריק, אין די אַלטע גוטע צייטן.

טשאַפּלין האָט אָנגעהויבן נאָכצוגעבן זייער פאַרלאַנג. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער באַרימטער פּאָזע פון „קליין מענטשעלע" פון די גאָר־אַלטע פילם־קאָמעדיעס און האָט אפילו אָנגעהויבן שטעלן עטלעכע שפּרינגענדיקע טריט איבערן זאַל.

די געסט האָבן אָנגעהויבן אַפּלאָדירן.

דער אַפּלאָז איז איבערגעריסן געוואָרן, ווען דאָס קליינע מענטשעלע האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן ריידן:

„אָ, ניין, היינט־צו־טאָג איז דאָס שוין גאָרנישט אַזוי שפּאַסיק. טשאַרלי איז אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט... איך זאָג זיך אָפּ צו זיין אַ טייל פון אַ פאַרשטאָרבענער ציוויליזאַציע"...



טשאַפּלינס אַראָפּגעזעצטער קעניג קומט־אָן אין אַמעריקע
(„אַ קעניג אין ניו־יאָרק“, 1957).

דער 68־יאָריקער טשאַרלי טשאַפּלין האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע. דער קינסטלער האָט אַרומגעכאַפּט מיט זיינע שאַרפע בליקן דעם פאַר־וואונדערטן עולם און פאַרגעזעצט:

„מען זאָגט, אַז איך טרייסל־אויף מענטשן מיט מיינע פילם־שאַפונגען. ס'איז גאָרנישט אַזוי שלעכט אויפצוטרייסלען מענטשן. דאָס גאַנצע לעבן איז דאָך אַן אויפברויז, אַ געראַנגל.

„ס'איז מיר באמת דערעסן צו זען כסדר אויפן לייוונט די געשיכטע וועגן דעם זיידענעם יונגנמאַנטשיק, וועלכער באַשיצט שטענדיק דעם כבוד פון דער העלדין. דאָס אַפּעלירט ניט צו אַ מענטשן פון מיין עלטער.

„אייך איז אַוודאי באַקאַנט, אַז איך דערנענטער זיך צו די זיבעציקער“...

טשאַרלס ספּענסער טשאַפּלין איז געבוירן געוואָרן דעם 16טן אַפּריל, 1889.

קאַפּיטל ט

# טשאַפּלינס שאַפונגען — רשימה און אינהאַלט

## פילמס פאַר דער „קיסטאָון קאָמפּאַני" — 1914
## KEYSTONE FILMS (1914)

### 1. אַבי מען מאַכט אַ לעבן:
### 1. Making a Living

טשאַרלי, אין דער ראָל פון אַ פאַראָרעמטן לעב־יונג, בעט אַ נדבה ביי אַ פאַרבייגייער אין גאַס. פאַרליבט זיך אין זיין פריינדינע. אַ ווילדער גאַסן־געיעג צווישן דעם קבצן און דעם פאַרבייגייער. דער קבצן קומט־אַרויס דער זיגער דורכדעם, וואָס ס׳גיט זיך אים איין צו ברענגען אין אַ רעדאַקציע פון אַ צייטונג אַ פאָטאָגראַפיש בילד.

### 2. אויטאָמאָביל־פאַרמעסט פון קינדער אין ווענעציע:
### 2. Kid Auto Races at Venice

טשאַרלי פאַרביטערט דאָס לעבן פון אַ פילם־פאָטאָגראַפער, וועלכער נעמט בילדער פון אַן אויטאָמאָביל־פאַרמעסט פון קינדער. טשאַרליס קאָמישע שטיקלעך שטערן דעם פאָטאָגראַפער אין זיין „קונסט"־אַרבעט.

### 3. מעיבלס מאָדנע פאַרלעגנהייט:
### 3. Mabel's Strange Predicament

טשאַרלי, וועלכער איז אונטער דער ווירקונג פונעם ביטערן טראָפּן, מאַכט אַ פאַרזוך צו שפּאַצירן ווירדיק. ער פאַרבלאָנדזשעט אין אַ האָטעל און פאַראורזאַכט אַ טומל צווישן די פאַרזאַמלטע דאַמען און הערן פון דער „יחוסדיקער" געזעלשאַפט

### 4. צווישן גוס־רעגנס:
### 4. Between Showers

טשאַרלי און זיין פריינט זוכן צו געווינען דאָס האַרץ פון אַ שיינהייט, וואָס איז אַ „קרבן" פון אַ גוס־רעגן. טשאַרלי און זיין פריינט צע־קריגן זיך איבער דעם, ווער עס זאָל צוטראָגן דער שיינהייט אַ שירעם צו באַשיצן זיך פונעם רעגן.

### 5. אַ פילם־העלד (דזשאַני):
### 5. A Film Johnnie

טשאַרלי אַרבעט אין אַ פילם־סטודיאָ, וואו ער פאַראורזאַכט אַן אמתע שרפה. די פייער־לעשער באַגיסן אים, דורך אַ רער, מיט וואַסער. טשאַרלי גיט זיך אַ דריי דעם אויער, און וואַסער שפּריצט אַרויס פון זיין מויל.

### 6. טאַנגאָ־פאַרפּלאָנטערניש:
### 6. Tango Tangles

טשאַרלי און זיין פריינט קומען־אַריין אין אַ טאַנץ־זאַל און פאַרליבן זיך אויפן אָרט אין דעמזעלבן מיידל. זיי יאָגן זיך צווישן די טאַנצנ־

דיקע פאַרלעד. דער עולם צעלויפט זיך, ווען אַ געשלעג ברעכט־אויס צווישן די צוויי פאַרליבטע יונגעלייט.

7. זיין באַליבטער צייט־פאַרטרייב:

**7. His Favorite Pastime**

טשאַרלי פאַרבלאָנדזשעט, ווי זיין שטייגער איז, אין שענק. ער באַקענט זיך מיט אַ פרוי און פירט זי אָפּ אַהיים. דער פרויס מאַן גרייט זיך מכבד זיין אים מיט קלעפּ. טשאַרלי אַנטלויפט, און דער מאַן יאָגט זיך נאָך אים.

8. גרויזאַמע, גרויזאַמע ליבע:

**8. Cruel, Cruel Love**

טשאַרלי, אין דער ראָל פון אַ מיליאָנער, איז אַנטוישט אין ליבע, און מאַכט אַ פאַרזוך צו באַגיין זעלבסטמאָרד איין מאָל, אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן מאָל. זיין געטרייער באַדינער ראַטעוועט אָבער כסדר דאָס לעבן פונעם אַנטוישטן מיליאָנער.

9. דער בעסטער קוואַרטיראַנט (באָרדער):

**9. The Star Boarder**

די אייגנטימערין פון אַ קליינעם האָטעל פאַרליבט זיך אין טשאַרלין, איר הויפּט־קוואַרטיראַנט. דער פרויס יינגל נעמט פאָטאָגראַפישע בילדער פון אַ שפּאַציר פונעם קוואַרטיראַנט מיט זיין מוטער. די בילדער ווערן געוויזן און רופן־אַרויס אַ היפּשע פאַרביטערונג ביי דער פרויס מאַן.

10. מעיבל ביים ראָד:

**10. Mabel at the Wheel**

טשאַרלי דער פראַנט, אין אַן אויטאָמאָביל־פאַרמעסט מיט זיין פריינט, כדי צו געווינען די סימפּאַטיע פון מעיבל. אָבער מעיבל העלפט־אַרויס זיין פריינט אינעם פאַרמעסט דורכדעם, וואָס אין דער עת־צרה נעמט זי איבער דעם ראָד אין אויטאָמאָביל.

11. צוואַנציק מינוט ליבע:

**11. Twenty Minutes of Love**

טשאַרלי און זיין פריינט שפּאַצירן אין אַ פּאַרק. זיי דערוואַרטן צו באַגעגענען זיך מיט אַ מיידל. דער פריינט באַמערקט אַ שלאָפנדיקן מאַן אין פּאַרק און גנבעט־אַרויס פון זיין קעשענע אַ זייגערל, וואָס ער קלייבט זיך צו ברענגען אַלס מתנה פאַר דעם מיידל. טשאַרלי נעמט־אָוועק דאָס זייגערל און ברענגט עס דעם מיידל אַלס מתנה. פּאָליציי קומט־אָן און ס'הויבט זיך אָן דער אמתער געלאַף. אינעם טומל כאַפּט טשאַרלי אַרום אַ בוים, מיינענדיק, אַז דאָס איז זיין געליבט מיידל. דער סוף איז, אַז אַלע אָנטיילנעמער אינעם געיעג שפּרינגען־אַריין פון גרויס אימפּעט אין אַ טייך.

12. פאַרכאַפּט אין אַ קאַבאַרעט:

**12. Caught in a Cabaret**

טשאַרלי, אַ קעלנער אין אַ קאַבאַרעט, ראַטעוועט דאָס לעבן פון מעיבל,

וועלכע ווערט באַפאַלן פון אַ רויבער אין אַ פּאַרק. טשאַרלי שטעלט זיך פאָר אַלס אַ גראַף. מעיבל לאַדט אים איין צו אַ הוליאַנקע. זיצנדיק מיט מעיבלען אויף אַ באַנק, באַמערקט טשאַרלי אַ לאָך אין דעם זויל פון זיין שוך. טשאַרלי הענגט־אויף זיין קאַפּעליוש אויפן שוך, כדי צו פאַרדעקן דעם צעריסענעם שוך. שפּעטער־צו, ביינאַכט, קומען־אָן מעיבל און אירע מיליאַנערסקע פריינט אין קאַבאַרעט און דערוויסן זיך, אַז טשאַרלי איז ניט מער ווי אַ קעלנער. אַ געשלעג ברעכט־אויס. אַלס וואָפן ווערן באַנוצט די טאָרטן, וואָס זיינען היפּש־לעך באַדעקט מיט שמאַנט.

13. פאַרכאַפּט אין אַ רעגן:

## 13. Caught in the Rain

טשאַרלי באַגעגנט אַ פרוי אין פּאַרק און ברענגט זי אַהיים אין האָטעל. די פרוי שפּאַצירט אין שלאָף און פאַרבלאָנדזשעט צו אים אין האָטעל־צימער. טשאַרלי פירט זי צוריק צו איר אין צימער. דער פרויס מאַן באַגעגנט זיי און וואַרפט־אַרויס טשאַרלין דורכן פענצטער אין גאַס, וואו עס רעגנט שטאַרק.

14. אַ פּראָדוקטיווער טאָג:

## 14. A Busy Day

טשאַרלי שפּילט די ראָל פון אַ פרוי, וועלכע כאַפּט איר מאַן, בעת ער פלירטעוועט מיט אַ צווייטער פרוי. טשאַרלי, „די פרוי", ברעכט זיי ביידן אָן די ביינער.

15. דער גורלדיקער האַמער:

## 15. The Fatal Mallet

טשאַרלי און זיינע פריינט זוכן צו געווינען דאָס האַרץ פון דער שיי־נער מעיבל. עס ברעכט־אויס אַ געשלעג, אין וועלכן די אָנטיילנעמער באַנוצן הויפּטזעכלעך ציגל און אַ „גורלדיקן" האַמער.

16. איר פריינט — דער באַנדיט:

## 16. Her Friend the Bandit

טשאַרלי, וועלכער איז אין לעבן אַ באַנדיט, באַווייזט זיך אויף אַ הור־ליאַנקע פון דער „שיינער געזעלשאַפט", וואו ער שטעלט זיך פאָר אַלס אַ גראַף. זיין ניט־גראַפישע אויפפירונג רופט אַרויס אַ טומל אויף דער הוליאַנקע.

17. באַזיגט אין פויסטן־געפעכט (נאָקאַוט):

## 17. The Knockout

טשאַרלי איז אַ „רעפערי" אין אַ פויסטן־געפעכט. אַנשטאָט צו פאַר־מעסטן זיך איינער מיטן צווייטן, פאַרנעמען זיך ביידע פויסטן־העלדן אין שלאָגן דעם „רעפערי".

18. מעיבלס פּראָדוקטיווער טאָג:

## 18. Mabel's Busy Day

מעיבל איז באַשעפטיקט ביי פאַרקויפן הייסע וואורשטלעך אויף אַ

ספאָרט־פּלאַץ. טשאַרלי קומט־אָן און שלעפּט־אַרויס פון קערבל אַלע וואורשטלעך. ווען מעיבל כאַפּט זיך, וואָס ס׳קומט־פאָר, האָט זי שוין ניט קיין וואורשטלעך צו פאַרקויפן.

19. מעיבלס פאַרהייראַטע לעבן:

19. Mabel's Married Life

מעיבל איז שטאַרק אַנטוישט אין איר מאַן, טשאַרלי, דערפאַר, וואָס ער האָט קיין כוח ניט געהאַט צו ראַטעווען זי פון אַן אָנגרייפער. זי באַשליסט צו „מאַכן אַ לייט״ פון אים. מעיבל הענגט־אויף אין הויז אַ „דאַמי״ פון אַ מאַן. טשאַרלי קומט אַהיים און דערזעט דעם פרעמדן „מאַן״. ער וואַרפט זיך שלאָגן און ווערט אַליין צעמזיקט דורך דער הענגענדיקער „דאַמי״.

20. Laughing Gas

20. געלעכטער־גאַז:

טשאַרלי, אין דער ראָל פון אַ געהילף פון אַ דענטיסט, באַנוצט אַ שווערן האַמער און אַ צווענגל צו „פאַרריכטן״ די ציין פון די פּאַציענטן. זיין אומגעלומפּערטקייט רופט־אַרויס געשלעגן צווישן דעם דענטיסט און זיינע פּאַציענטן.

21. דער מאַן פון בינע־רעקוויזיט:

21. The Property Man

טשאַרלי אַרבעט פאַר אַ וואַנדערנדיקער טרופּע. הינטער די קוליסן צעשלאָגט ער זיך מיט אַ צווייטן אַרבעטער. ער באַנוצט זיך אין געשלעג מיט אַ פייערלעשער־רער און באַגיסט מיט וואַסער די שוישפּילער אויף דער בינע און דעם פאַרזאַמלטן עולם אין טעאַטער.

22. דאָס פּנים אויפן דיל פון שענק:

22. The Face on the Barroom Floor

טשאַרלי קומט אין שענק אויסצוגיסן זיין ביטער האַרץ אויף זיין פרוי, וואָס האָט אים פאַרלאָזט. פלוצים דערזעט ער זיין געוועזענע פרוי און איר איצטיקן מאַן, וועלכער פירט זיך אַרום מיט אַ טוצן קינדערלעך, און זיין כעס אויף דער גאַרער וועלט פאַרשווינדט.

23. פאַרווײַלונג:

23. Recreation

טשאַרלי, וועלכער ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט זיך, שפּאַצירט אין פּאַרק און פאַרווײַלט זיך דורך פאַרטשעפּען זיך מיט די שפּאַצירער. אין פּאַרק ברעכט־אויס אַ געשלעג, און אַלע יאָגן זיך. דער געיעג פירט צו אַ טייך, אין וועלכן אַלע אָנטיילנעמער אינעם געשלעג שפּרינגען אַריין.

24. דער פאַרמאַסקירטער מאַן:

24. The Masquerader

טשאַרלי, דער פילם־שוישפּילער, ווערט אַרויסגעוואָרפן פון סטודיאָ, ווייל ער וואַרפט כסדר חן־אייגעלעך אויף די שוישפּילערינס. ער

פאַרקליידט זיך אַלס אַ מיידל און ווערט באַלד אַנגעשטעלט אַלס אַ „שטערן". דער דירעקטאָר דערקענט אָבער אינגיכן טשאַרלין און איז גרייט אָנצוברעכן אים די ביינער. טשאַרלי אַנטלויפט און שפּרינגט־אַריין אין אַ ברונים.

## .25 זיין נייע באַשעפטיקונג:

## 25. His New Profession

אַ יונגער מיליאָנער דינגט טשאַרלין צו פירן אַ וועגל, אין וועלכן ס'זיצט זיין אָנקל, וואָס האָט זיך צעבראָכן אַ פוס. דער מיליאָנער זאָגט זיך אָבער אָפּ צו באַצאָלן טשאַרלין אַ דאָלאַר אין פאַראויס. טשאַרלי לאָזט־אָפּ דאָס וועגל, וואָס פאָרט באַרג־אַראָפּ דירעקט צום טייך.

## .26 די פאַרשווענדער:

## 26. The Rounders

טשאַרלי און זיין פריינט,ביידע אונטער דער ווירקונג פון ביטערן טראָפּן, קומען שפּעט ביינאַכט אַהיים און קריגן אַריין די אמתע פּאָרציע פון זייערע פרויען. אויס כעס טראָגן זיך אָפּ, טשאַרלי און זיין פריינט, אין אַ רעסטאָראַן און לייגן זיך שלאָפן. אַ טישטוך דינט זיי אַלס אַ קאָלדרע. די פרויען קומען־אָן אין רעסטאָראַן, און ביידע פריינט טראָגן זיך אָפּ צום ברעג פון טייך. זיי לייגן זיך שלאָפן אין אַ שיפל. דאָס שיפל זינקט און — אויס טשאַרלי, אויס פריינט.

## .27 דער נייער הויז־באַדינער:

## 27. The New Janitor

טשאַרלי, דער נייער הויז־באַדינער, ווערט באַלד אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט, ווען ער גיסט־אַרויס אַן עמער וואַסער דורך אַ פענצטער, גלייך אויף דעם הויז־אייגנטימער. טשאַרלי קומט־אַריין אין אַ געשעפט זוכן אַרבעט און ראַטעוועט די סעקרעטאַרין פון אַ רויבער־אַטאַקע. דער געשעפט־אייגנטימער גיט טשאַרלין אַ הויפן געלט פאַר זיין העלדישקייט. טשאַרלי ציילט איבער צוערשט דאָס געלט, און ערשט דאַן באַשליסט ער צו באַדאַנקען דעם אייגנטימער פאַר דעם.

## .28 די אַנגסטן פון ליבע:

## 28. Those Love Pangs

טשאַרלי און זיין פריינט זיינען פאַרליבט אין דעמזעלבן מיידל. דער פריינט קומט־אַרויס דער זיגער. דער פאַראומערטער טשאַרלי גייט אַוועק פאַר צייט־פאַרטרייב אין אַ פילם־טעאַטער.

## .29 טייג און דינאַמיט:

## 29. Dough and Dynamite

טשאַרלי אַרבעט אין אַ בעקעריי, וואו ס'ברעכט אויס אַ סטרייק. די סטרייקערס לייגן אַריין דינאַמיט אין טייג, וואָס טשאַרלי לייגט אין אויוון. דער דינאַמיט רייסט־אויף, און טשאַרלי קומט־אַרויס קוים אַ לעבעדיקער.

**30. די דרייסטע מענער (דזשענטלמען):**

**30. Gentlemen of Nerve**

מעיבל און איר פריינט קומען אויף אַ ספּאָרט־פּלאַץ אָנצוקוקן אַן אויטאָ־פּאַרמעסט. טשאַרלי און זיין פריינט גנבענען זיך אַריין אין ספּאָרט־פּלאַץ. מעיבל צעקריגט זיך מיט איר פריינט און זעצט זיך צו לעבן טשאַרלין. טשאַרליס פריינט זעצט זיך צו לעבן מעיבלס בחור. אַ פּאָליסמאַן קומט־אָן און אַרעסטירט זייביידן אַלס פּאַר־דעכטיקטע פאַרשוינען. טשאַרלי האָט הנאה פון אַרעסט, ווייל ער בלייבט מיט מעיבלען.

**31. זיין מוזיקאַלישע קאַריערע:**

**31. His Musical Career**

טשאַרלי און זיין פריינט ווערן געדונגען צו פירן אַ נייע פּיאַנאָ צו אַ מיליאָנער און צוריקברענגען אַ פּיאַנאָ פון אַן אַנדער אַדרעס. טשאַרלי פאַרבייט די יוצרות. ער קומט צום מיליאָנער און וויל אַוועקנעמען פון זיין הויז די פּיאַנאָ. דער מיליאָנער הויבט אָן צו גוואַלדעווען. טשאַרלי נעמט די פּיאַנאָ און וואַרפט זי אַרויס דורכן פענצטער אין גאַס.

**32. זיין אָרט פאַר ליבע־באַגעגענישן:**

**32. His Trysting Place**

טשאַרליס פרוי בייזערט זיך אָן אויף אים, ווייל ער קאָן ניט אַכטונג געבן ווי געהעריק, אויף זייער קינד. טשאַרלי פאַרלאָזט דאָס הויז און גייט עסן אין אַ רעסטאָראַן, וואו ער פאַרבייט זיין מאַנטל אויף אַ פרעמדן מאַנטל. ער קומט אַהיים. זיין פרוי געפינט אין טשאַרליס מאַנטל אַ ליבע־בריוועלע פון אַ מיידל. זי טרייבט אים אַרויס פון הויז. שפּע־טער־צו געפינט זי דעם פאַראומערטן טשאַרלי אויף אַ באַנק אין פּאַרק, און ער קלערט אַלץ אויף פאַר איר.

**33. טילים איבערגעריסענער ראָמאַן:**

**33. Tillie's Punctured Romance**

טשאַרלי, דער פראַנט, פאַרליבט זיך אין טילין. ער נעמט־אַוועק פון איר דאָס געלט און פאַרלאָזט זי. טילי איז געצוואונגען גיין אַרבעטן אין אַ רעסטאָראַן. טשאַרלי פאַרליבט זיך אין מעיבלען. ער דערוויסט זיך דאָן, אַז טיליס אַנקל איז פּלוצים געשטאָרבן און האָט איר איבערגעלאָזט מיליאָנען דאָלאַרן. טשאַרלי פאַרליבט זיך ווידער אין טילין און שלעפּט זי באַלד אַוועק צו אַ גלח חתונה צו האָבן. טילי, די מיליאָנערשע, אָרדנט־איין אַ גראַנדיעזע חתונה. פּלוצים באַמערקט טילי, אַז טשאַרלי פאַרברענגט גאָר מיט מעיבלען. זי הויבט־אָן שיסן אויפן פאַרליבט פּאָרל. אינמיטן דער שיסעריי באַווייזט זיך אויף דער חתונה טיליס אַנקל, וועלכער איז קיינמאָל ניט געשטאָרבן און האָט קיינמאָל ניט איבערגעלאָזט טילין קיין ירושה פון מיליאָנען.

**34. ווי האָבן זיך באַקענט:**

**34. Getting Acquainted**

טשאַרלי און זיין מיאוסע פרוי פאַרברענגען אין אַ פּאַרק, וואו עס

פאַרברענגט אויך די שיינע מעיבל מיט איר מאַן און זייערע פריינט. טשאַרלי הויבט־אָן צו פלירטעווען מיט מעיבלען. זיין פרוי, מיט דער הילף פון אַ פּאַליסמאַן, שלעפּט אים אַוועק אַהיים.

**35. זיין פאַר־היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט:**

**35. His Prehistoric Past**

טשאַרלי, דער היימלאָזער, ליגט אויף אַ באַנק אין אַ פּאַרק און חלומט וועגן זיין פאַר־היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט. ער פירט־דורך אַן אמתע רעוואָלוציע אין דעם הימלשן גן־עדן, טאַנצט מיט דעם קעניגס שיינהייטן און וואַרפט־אַראָפּ דעם קעניג פון אַ שפּיץ פעלז. טשאַרלי דערקלערט זיך אַלס קעניג. דער וועכטער קומט אָבער דעם קעניג צו־הילף און גיט טשאַרלין אַ זעץ אין קאָפּ. טשאַרלי עפנט די אויגן און דערזעט לעבן זיך אַ פּאָליציימאַן, מיט אַ דובינקע אין האַנט, וועלכער הייסט אים אָפּצוטראָגן זיך פונעם פּאַרק.

## פילמס פאַר דער „עסענעי קאָמפּאַני" — 1915
## ESSANAY FILMS (1915)

**36. זיין נייע אַרבעט (דזשאַב):**

**36. His New Job**

טשאַרלי קריגט אַרבעט אין אַ פילם־סטודיאָ אַלס אַ געהילף פונעם הויפּט־סטאָליער. ער בויט אַלץ מיטן קאָפּ־אַראָפּ און פאַראורזאַכט גרויסע צרות דעם פילם־רעזשיסער, וועלכער מאַכט אים לסוף פאַר אַ פילם־„שטערן".

**37. אַ נאַכט פון פאַרוויילונג:**

**37. A Night Out**

טשאַרלי ווערט אַרויסגעוואָרפן פון אַ רעסטאָראַן, וואו ער טוט־אָן גרויסע צרות דורך זיינע קאָמישע שטיקלעך. ער קומט צו זיך אין האָטעל און וואַרפט חן־אויגלעך צו אַ פרוי, וועלכע טראָגט אַ שלייער אויף איר פּנים. ווען די פרוי נעמט־אַראָפּ דעם שלייער, דערזעט טשאַרלי פאַר זיך אַן עלטערע פרוי, מיט אַ מיאוס פּנים.

**38. דער טשעמפּיאָן (אין פויסטן־געפעכט):**

**38. The Champion**

דער אויסגעהונגערטער טשאַרלי פאַרדינגט זיך פאַר אַ פאַרמעסט מיט אַ ריזיקן פויסטן־העלד. פאַרן פאַרמעסט טיילט טשאַרלי מיט זיין הינטל אַ הייסן וואורשטל. דער הונט רירט זיך נישט צו צום וואורשטל, ביז טשאַרלי באַפעפערט און באַזאַלצט אים. טשאַרלי באַזיגט דעם פויסטן־העלד מיט דער הילף פונעם הינטל, וועלכער בייסט זיך איין אין יענעמס פלודערן און לאָזט אים ניט שלאָגן טשאַרליך.

**39. אין פּאַרק:**

**39. In The Park**

טשאַרלי ווערט אַראָפּגעשטופּט פון אַ באַנק אין פּאַרק דורך אַ פאַר־

ליבט פאַרל און פאַלט־אַריין אין אַ קינדער־וועגעלע. רויבער באַ־פאַלן דאָס פאַרל. דאָס מיידל באַשולדיקט דעם יונגנמאַן אין פּחדנות און פאַרלאַנגט פון אים צו באַגיין זעלבסטמאָרד. טשאַרלי העלפט אים־אַרויס דורך אַ שטופּ אין טייך אַריין.

**40. פאַרליבטע אַנטלויפן אין אַן אויטאָמאָביל:**

**40. The Jitney Elopement**

טשאַרלי געפינט אַ צעטעלע, אין וועלכן אַ מיידל בעט רחמים קעגן איר פאָטער, וואָס וויל זי חתונה מאַכן פאַר אַ גראַף. טשאַרלי פאַר־שטעלט זיך אַלס גראַף און ווערט אויפגענומען מיט פּאַראַד. פּלוצים באַווייזט זיך דער אמתער גראַף. טשאַרלי און דעם מיליאָנערס טאָכטער אַנטלויפן אין אַן אויטאָמאָביל. אין געיעג פאַלט־אַריין דער מיליאָנער אין טייך.

**41. דער טרעמפּ (היימלאָזער וואַנדערער):**

**41. The Tramp**

טשאַרלי באַשיצט אַ פאַרמערס טאָכטער פון רויבער. דער פאַרמער באַדאַנקט אים דורך געבן אים אַרבעט. די רויבער באַווייזן זיך ווידער, און טשאַרלי ווערט פאַרוואונדעט אין געשלעג. דעם פאַרמערס טאָכטער גיט אַכטונג אויף דעם פאַרוואונדעטן טשאַרלין, וועלכער פאַרליבט זיך אין איר איבער די אויערן. פּלוצים באַווייזט זיך דעם מיידלס געליבטער, און טשאַרלי נעמט די פיס אויף די פּלייצעס, און לך־לך — אויס פאַרם, אויס אַרבעט, אויס ליבע, אויס טרוימען.

**42. ביים ים־ברעג:**

**42. By The Sea**

טשאַרלי זעצט זיך צו ביים ים־ברעג אויף אַ באַנק, אויף וועלכער עס זיצן צוויי פאַרליבטע פאַרלעך. די יונגעלייט דאַכט זיך, אַז טשאַרלי קוקט קרום אויף זייערע מיידלעך. אַ געשלעג ברעכט־אויס. אין מיטן געשלעג ברעכט צוזאַמען די באַנק, און אַלע פינף ציען זיך אויס אויפן זאַמד.

**43. אַרבעט:**

**43. Work**

טשאַרלי קריגט אַרבעט אַלס אַ טאַפּעצירער. אין זיין אומגעלומפּערט־קייט באַגיסט ער מיט אַן עמער קליי דעם קאָפּ פון זיין באַלעבאָס. ער פאַרשמירט דאָס גאַנצע הויז מיט קליי און פאַרב. אין הויז ברעכט־אויס אַ קריגעריי. אינמיטן דער קריגעריי קומט־פאָר אַן אויפרייס פון אייוועלע, לעבן וועלכן טשאַרלי דרייט זיך אַרום די גאַנצע צייט. טשאַרלי ווערט באַדעקט מיט אַש פון קאָפּ ביז פיס.

**44. אַ פרוי:**

**44. A Woman**

טשאַרלי באַקענט זיך מיט אַ פרוי, וועלכע ברענגט אים אַהיים אַלס חתן פאַר איר טאָכטער. דער פאָטער, מיט וועמען טשאַרלי האָט

פריער געהאַט אַ געשלעג, וואַרפט אים אַרויס פון הויז. טשאַרלי טוט זיך איבער אַלס אַ פרוי. ער באַגעגנט זיך ווידער מיטן פאָטער און מיט זיין טאָכטערס חתן. ביידע מענער וואַרפן חן־אויגלעך צו דער אומבאַקאַנטער „פרוי״. פלוצים פאַרלירט די „פרוי״ אירע קליידער, און טשאַרלי בלייבט שטיין אין זיינע הויזן.

### 45. די באַנק:

### 45. The Bank

טשאַרלי, אַלס באַנק־באַדינער, פאַרליבט זיך אין אַ סעקרעטאַרין. ער ברענגט איר יעדן טאָג בלומען, וואָס זי וואַרפט באַלד אַרויס דורכן פענצטער. רויבער באַפאַלן די באַנק. דער העלדישער טשאַרלי פאַרטרייבט די רויבער מיט דער הילף פון אַן עמער וואַסער און אַ וואַש־בעזים. די סעקרעטאַרין פאַרליבט זיך דאַן אין דעם העלדישן באַדינער. טשאַרלי עפנט די אויגן און דערזעט, אַז אַנשטאָט דעם מיידל קושט ער גאָר דעם פייכטן וואַש־בעזים — די גאַנצע געשיכטע איז ניט מער ווי אַ זיסער טרוים פון אַ קליין מענטשעלע וועגן אַ ביסעלע גליק.

### 46. פאַרשלעפּט איבערגעוואַלד:

### 46. Shanghaied

טשאַרלי קריגט עטלעכע דאָלאַר אָנצושכורן מאַטראָסן און ברענגען זיי אויף אַן אַלט שיפל. טשאַרלי אַליין ווערט שפּעטער פאַרשלעפּט איבערגעוואַלד אויפן שיפל. אינמיטן ים דערוויסט זיך טשאַרלי, אַז דער אייגנטימער האָט אונטערגעלייגט דינאַמיט, כדי אויפצורייסן דאָס שיפל און קריגן פאַרזיכערונגס־געלט. טשאַרלי אַנטדעקט אויך אויפן שיפל דעם אייגנטימערס טאָכטער, וועלכע האָט זיך אַרויפ־געגנבעט. ער פאַרליבט זיך אין איר. טשאַרלי געפינט דעם דינאַמיט און וואַרפט אים אַריין אין ים. דורכדעם ראַטעוועט ער אַלעמענס לעבנס.

### 47. אַ נאַכט ביי דער פאָרשטעלונג:

### 47. A Night in the Show

טשאַפּלין שפּילט צוויי ראָלן אין דער קאָמעדיע: אַ רייכער לעב־יונג, וועלכער זיצט אין די פאָדערשטע רייען אין טעאַטער, און אַ הוליע־קבצן, וועלכער זיצט אויף דער גאַליאָרקע. ביידע שטערן די פאָרשטעלונג. אין טעאַטער ברעכט־אויס אַ טומל און אַ געשלעג. טשאַרלי בלייבט זיצן אויף זיין אָרט, ווען אַ צושויער צעברעכט זיין שירעם דורך אַ זעץ איבער זיין קאָפּ.

### 48. קאַרמען:

### 48. Carmen

אַ פילם־קאַריקאַטור פון די פיל פילמען, וואָס זיינען דאַן געשאַפן געוואָרן אין האָליוואוד פון דער באַרימטער אָפּערע „קאַרמען״.

### 49. פּאָליציי:
**49. Police**

טשאַרלי פאַרלאָזט די טורמע. ער ווערט באַגעגנט דורך אַ בעל־צדקה, אַ רעפאָרמער, וועלכער גיט אים אַן עצה טובה אויפצופירן זיך לייטיש. שפּעטער־צו דערזעט טשאַרלי, ווי דער זעלבער בעל־צדקה באַגנבעט אַ שכורן. טשאַרלי באַגעגנט זיך מיט אַ צווייטן באַפרייטן אַרעסטאַנט אוןביידע באַשליסן צו באַגנבענען אַ מיליאָנער. אין הויז פונעם מיליאָנער ווערן זיי באַגעגנט דורך אַ מיידל, וועלכע גיט זיי שפּייז. אין דער צווישן־צייט ווערט אַרויסגערופן פּאָליציי. דאָס מיידל טענהט, אַז טשאַרלי איז איר מאַן. זי גיט אים עטלעכע דאָלאַר און שיקט אים אַרויס פון הויז. טשאַרלי לויפט, און פּאָליציי — נאָך אים.

### 50. דרייפאַכע צרות:
**50. Triple Trouble**

צוזאַמענגעשטעלט פון עטלעכע אַלטע טשאַפּלין־פילמס פון יענעם פעריאָד, ווי „פּאָליציי" און „אַרבעט". אין דעם פילם איז אויך דאָ איין נייע סצענע, ווי טשאַרלי, וועלכער אַרבעט ביי אַ וויסנשאַפטסמאַן, אַנטדעקט דייטשע שפּיאָנען, וועלכע זוכן אַרויסצוגנבענען, אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וויכטיקע סודות.

## פילמס פאַר דער „מיוטשועל קאָמפּאַני" — 1916 — 1917
## MUTUAL FILMS (1916-17)

### 51. דער אויפפּאַסער אין גרויסן געשעפט (דעפּאַרטמענט סטאָר):
**51. The Floorwalker**

טשאַרלי, וועלכער אַרבעט אין אַ גרויסן געשעפט, אַנטדעקט דעם גרויסן סוד, אַז דער הויפּט־פאַרוואַלטער און הויפּט־אויפפּאַסער האָבן אָפּגעמאַכט ביי זיך צו באַגיין אַ היבשע גנבה. דער אָרנטלעכער טשאַרלי קאָן דאָס ניט פאַרטראָגן און הויבט זיך אָן צו יאָגן נאָך די גנבים. דער קאָמישער געיעג קומט פאַר הויפּטזעכלעך אויף באַוועגלעכע טרעפּ אינעם געשעפט.

### 52. דער פייערלעשער:
**52. The Fireman**

טשאַרלי, אַ פייערלעשער, ווערט אויפגעוועקט פונעם שלאָף דורכן קלונג פון אַן אַלאַרם־זייגער. טשאַרלי מיינט, אַז ס'איז אַ וואָרענונג וועגן אַ שריפה און יאָגט זיך לעשן די פלאַמען. פאַר דעם טעות ווערט ער שטרענג באַשטראָפט. דער שטרענגער הויפּט פון דער פייער־לעשער־אָפּטיילונג רעדט זיך צונויף מיט אַ הויז־אייגנטימער צו צעטיילן זיך מיטן פאַרזיכערונגס־געלט נאָכדעם ווי דאָס הויז וועט פאַרברענט ווערן. אינעם הויז געפינט זיך אָבער אין צייט פון שריפה דעם אייגנטימערס טאָכטער, וועמען טשאַרלי ראַטעוועט, פאַרשטייט זיך, פון די פלאַמען און ווערט דער העלד פון טאָג.

**53. דער וואַגאַבונד (נעװנד):**

**53. The Vagabond**

טשאַרלי, אַ וואַנדערנדיקער פידל־שפּילער, פאַרבלאַנדזשעט אין לאַגער פון ציגײַנער. ער ראַטעוועט־אַרויס אַ מיידל, וואָס די ציגײַנער האָבן געגנבעט אין שטאָט. טשאַרלי און דאָס מיידל אָרדענען זיך איין לעבן אַ וועלדל. אַ קינסטלער קומט־אָן און מאָלט אַ בילד פונעם מיידל. זי פאַרליבט זיך אין קינסטלער. דאָס בילד ווערט געוויזן אין שטאָט, און די אמתע מוטער דערקענט איר טאָכטער. די טאָכטער באַנעמט איצט טשאַרליס העלדישקייט און זיין גרויסע ליבשאַפט צו איר, און זי שיקט איר אויטאָמאָביל צו ברענגען טשאַרלין צו זיך אַהיים.

**54. איינס אַזייגער פאַרטאָג:**

**54. One A. M.**

טשאַרלי איז דער איינציקער שוישפּילער אין דער קאָמעדיע וועגן אַ מיליאָנערסקן פּוסטעפּאַסניק, וועלכער קומט שפּעט ביינאַכט אַהיים בגילופנדיק. דער יונגערמאַן דערזעט ביי זיך אין צימער אָנגע־שטאָפּטע חיות, אָנגעשטאָפּטע קעפּ פון פאַרשיידענע באַשעפענישן און דענקט, אַז זיי זיינען לעבעדיק. ער פאַרפירט שלאַכטן מיט אַלץ, וואָס ס׳שטייט אים אין וועג — טישן, שטולן און אַ בעט, וואָס איז צוגעפּעסטיקט צו דער וואַנט. אַ צעמזיקטער לייגט ער זיך שלאָפן צום סוף פון די שלאַכטן אין דער וואַנע אין וואַש־צימער.

**55. דער גראַף:**

**55. The Count**

טשאַרלי, אַ שניידער־יונג, ווערט אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. ער דערוויסט זיך, אַז זיין געוועזענער באַלעבאָס גייט צו אַ מאַסקאַראַדן־באַל פון דער „הויכער געזעלשאַפט" אַלס אַ גראַף. אויך טשאַרלי באַווייזט זיך אויפן באַל, אויסגעפּוצט ווי אַן אמתער גראַף. אינמיטן פון דער שמחה באַווייזט זיך דער אמתער גראַף. טשאַרלי אַנטלויפט און זיין געוועזענער באַלעבאָס ווערט אַרעסטירט.

**56. דער לאָמבאַרד:**

**56. The Pawnshop**

טשאַרלי, אַן אָנגעשטעלטער אין לאָמבאַרד, איז אַ גרויסער שלימזל אויף יעדן געביט. אַ שכור ברענגט אים אַ גרויסן זייגער און וויל לייען געלט אויף דעם. טשאַרלי נעמט פאַרזיכטיק פאַנאַנדער דעם זייגער, באַקוקט יעדן טייל מיט דער אויפמערקזאַמקייט פון אַ דאָקטאָר־ספּעציאַליסט און גיט־אָפּ דעם שכור די צענדליקער טיילן פונעם זייגער אַלס ווערטלאָז. ווי געוויינטלעך ווערט טשאַרלי, סוף־כל־סוף, אַרויסגעוואָרפן פון לאָמבאַרד אַלס אַ לא־יוצלח.

**57. הינטער די קוליסן פון פילם־לייוונט:**

**57. Behind the Screen**

טשאַרלי איז אַ שווערער אַרבעטער אין אַ פילם־סטודיאָ — ער טראָגט

מיט איין מאָל אַ צענדליק שטולן. ער קריגט אַ געהילף. אַ מיידל, וועלכע מאַכט יעדן פאַרזוך צו ווערן אַ פילם־שוישפּילערין, פאַרקליידט זיך אין מענערישע מלבושים און זי קריגט אויך אַרבעט אין דער סטודיאָ. דער דירעקטאָר אין דער סטודיאָ פאַרנעמט זיך מיט שאַפן אַ „קונסט־פילם״, אין וועלכן די שוישפּילער באַוואַרפן זיך מיט טאָרט און שמאַנט. טשאַרלין איז די גאַנצע „קונסט״ ניט צום האַרצן און ער דערפירט דערצו, אַז די סטודיאָ פאַלט־איין אינמיטן פון דער קונסט־פּראָדוקציע.

## 58. דער גליטש־פּלאַץ:

## 58. The Rink

טשאַרלי, אַ קעלנער אין אַ רעסטאָראַן, איז אַן אויסגעצייכנטער גליטשער. אויפן גליטש־פּלאַץ איז ער באַקאַנט אַלס „סער זעלצער״. אַ געשלעג ברעכט־אויס אויפן גליטש־פּלאַץ צווישן די מענער פון דער „הויכער געזעלשאַפט״ צוליב עפּעס אַ שיינהייט. טשאַרלי איז, ווי שטענדיק, אינמיטן פונעם געשלעג. ראַטעוועט זיך אָבער פון די קלעפּ דורכדעם, וואָס ער טשעפּעט זיך אָן מיט זיין כשוף־שטעקעלע אין אַ פאַרבייפאָרנדיקן אויטאָמאָביל, וואָס פירט אים גיך אַוועק פונעם גליטש־פּלאַץ און געשלעג.

## 59. די גאַס פון אַ לייכט־לעבן:

## 59. Easy Street

דער היימלאָזער טשאַרלי פאַרבלאָנדזשעט אין אַ קירך פון מיסיאָנערן. ער ווערט אַזוי שטאַרק באַווירקט פון גלחס רעדע, אַז ער קערט־אום צוריק די צדקה־פּושקע, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געהאַט געגנבעט אין קירך. טשאַרלי שליסט זיך אָן אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט און העלפט די הילפלאָזע פּאָליציילייט באַזיגן דעם ריזיקן הויפּט פון דער אונטערוועלט אויף דער „גאַס פון לייכט־לעבן״. אין זיינע געשלעגן מיטן ריז באַהאַלט זיך אויס טשאַרלי, דער פּאָליסמאַן, אין הויז פון אַן אָרעמאַן, אַ טאַטע פון אַ צענדליק קינדערלעך. טשאַרלי טיילט אויס דעם טאַטן פון די קינדערלעך אַ מעדאַל פאַר זיין העלדישקייט. ער שפּייזט אויך די קינדערלעך מיט שטיקלעך ברויט, ווי מען שפּייזט פייגעלעך אין גאַס. דער סוף איז, אַז אַלע רעפאָרמירטע איינוואוינער פון דער „גאַס פון לייכט־לעבן״, ווערן גוט און פרום, ווי טשאַרלי אַליין...

## 60. די היילונג:

## 60. The Cure

טשאַרלי קומט־אָן אין אַ קוראָרט פאַר רייכע צו היילן זיך און אויסרוען זיינע נערוון. ער ברענגט מיט זיך עטלעכע טשעמאָדאַנעס מיט אַ היפּשן זאַפּאַס פונעם ביטערן טראָפּן. בעת טשאַרלי געפינט זיך אין שוויץ־צימער פונעם האָטעל, שיכורט זיך אָן דער האָטעל־באַדינער און וואַרפט־אַרויס דורכן פענצטער עטלעכע צענדליק פלעשלעך בראַנפן אין דעם ברונעם פונעם הייל־וואַסער. די פּאַציענטן אין

קוראַרט טרינקען מיט גרויס הנאה דאָס וואַסער און באַוואונדערן די ענדערונג אין טעם. טשאַרלי באַגעגנט זיך אין קוראָרט מיט אַ שיינ־הייט, וועמען ער זאָגט־צו צו רעפאָרמירן זיך און אויפהערן טרינקען. אויפן וועג צו זיך אין צימער, פאַלט אַריין טשאַרלי אין דעם ברונעם מיטן געשמאַקן הייל־וואַסער.

**.61 דער אימיגראַנט:**

**61. The Immigrant**

טשאַרלי איז אַן אימיגראַנט פונעם דריטן קלאַס אויף אַ שיף, וואָס פירט פּאַסאַזשירן קיין אַמעריקע. שווינדלער באַגנבענען אַן עלטערע פרוי און איר טאָכטער. טשאַרלי געווינט דאָס געלט צוריק ביי די שווינדלער און קערט דאָס אום שטילערהייט צו דער עלטערער פרוי. אַן אויסגעהונגערטער שפּאַצירט טשאַרלי, דער נייער אימיגראַנט, איבער די גאַסן פון שטאָט. ער געפינט אַ מטבעה און גייט־אַריין אין רעסטאָראַן עסן. די מטבעה איז אָבער אַרויסגעפאַלן פון זיין צעריסענער קעשענע. אין רעסטאָראַן באַגעגנט ער דאָס מיידל פון דער שיף און לאַדט זי איין עסן אויף זיין חשבון. טשאַרלי אַנטדעקט זיין פאַרלוסט פון דער מטבעה, ווען ער נעמט זיך באַצאָלן. דער בייזער קעלנער וויל אים צערייסן אויף שטיקער. אין דעם מאָמענט באַווייזט זיך אין רעסטאָראַן אַ קינסטלער, וועלכער באַצאָלט פאַרן מאָלצייט פוןביידע אימיגראַנטן.

**.62 דער אַוואַנטיורע־זוכער:**

**62. The Adventurer**

טשאַרלי אַנטלויפט פון דער תפיסה אין זיינע טורמע־קליידער. ער ראַטעוועט צוויי רייכע פרויען פון דערטרינקען זיך. זיי ברענגען אים אַהיים און זיינען גרייט חתונה צו מאַכן אים פאַר אַ מיליאָנערס אַ טאָכטער. פּלוצים דערזעט איינער פון די יונגעלייט זיין בילד אין ציטונג און רופט אַרויס די פּאָליציי. אַלע יאָגן זיך נאָך אים. טשאַרלי פאַרשטעלט זיך, אין צייט פון געיעג, אַלס אַ לאָמפּ...

## פילמס פאַר דער „פוירסט נעשאַנאַל קאָמפּאַני" — 1922 — 1918

## FIRST NATIONAL FILMS (1918-22)

**.63 אַ הינטיש לעבן:**

**63. A Dog's Life**

אין דער פילם־קאָמעדיע, וואָס איז פול מיט פּאַטאָס, ווערט דער־ציילט די געשיכטע פון טשאַרלי, דעם נע־ונדניק, וועלכער זוכט זיך איינצוואָרצלען אין לעבן. ער ראַטעוועט־אַרויס אַ קליין הינטל פון די ציין פון צערייצטע הינט. דאָס הינטל ווערט זיין לעבנס־פריינט. דאָס הינטל, וואָס איז תמיד אַזוי הונגעריק, ווי טשאַרלי אַליין, גראָבט אין מיסט און געפינט אַן אוצר. טשאַרלי באַפריינדעט זיך מיט אַ

יונג מיידל, וועלכע פאַרלירט איר אַרבעט אין אַ קאַבאַרעט. ביידע באַזעצן זיך אויף אַ פאַרם צו פירן אַ גליקלעך לעבן. די פּאַטעטישע פילם־קאָמעדיע ענדיקט זיך מיט דער פאָלגנדיקער סצענע: טשאַרלי און זיין פרוי שטייען איינגעבויגן איבער אַ קינדער־וויגל און באַוואונדערן די ניי־געבוירענע — דאָס הינטל איז געבענטשט געוואָרן מיט אַ האַלבן טוץ קינדערלעך.

### 64. מלחמה־באָנדס (רעגירונגס ווערט־פּאַפּירן):

### 64. The Bond

אַ פּראָפּאַגאַנדע־פילם צו פאַרקויפן רעגירונגס ווערט־פּאַפּירן אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. טשאַרלי איז איינער פון די העלדן אין פילם.

### 65. ביקס אויף פּלייצע!:

### 65. Shoulder Arms

טשאַרלי ווערט אָוועקגעריסן פון זיין משפּחה. ער ווערט מאָביליזירט אין דער אַרמיי אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט אויסצושטיין קאַלטס און וואַרעמס פון זיינע אָפיצערן און אונטער־אָפיצערן, וועלכע ווילן מאַכן אַ סאָלדאַט פון אים. טשאַרלי ווערט אָפּגעשיקט אויפן פראָנט קיין פראַנקרייך. ער ראַטעוועט־אַרויס אַ פראַנצויזיש מיידל, וועלכע פאַרליבט זיך, ווי געוויינלעך, אין אים. אויפן פראָנט ווייזט טשאַרלי אַרויס בלויז „העלדישקייטן". ער שיסט אויף די דייטשן מיט „שמעקעדיקער" קעז אָנשטאָט גראַנאַטן, און אַליין באַשיצט ער זיך פונעם ריח, מיט אַ גאַז־מאַסקע אויפן פּנים. ער פאַרשטעלט זיך אַלס אַ בוים. די דייטשן, וועלכע פרירן, קומען אָפּהאַקן דעם בוים, כדי צו מאַכן אַ פייער און זיך דערוואַרעמען. טשאַרלי לאָזט די דייטשן צוקומען צום „בוים", און דאַן רעכנט ער זיך אָפּ מיט זיי אַלעמען. דער העלדישער סאָלדאַט, טשאַרלי, ברענגט דעם קאַיזער אַ געפאַנגענעם אין לאַגער פון די אַמעריקאַנער. פאַר דעם קריגט ער אַ מעדאַל, און די אַנדערע סאָלדאַטן טראָגן אים מיט הילכיקע אויסגעשרייען אויף די פּלייצעס. פון די געשרייען עפנט טשאַרלי די אויגן און דערזעט זיך אין אַרמיי־ביידל, וואו אַ שטרענגער אונטער־אָפיצער שרייט אויף אים — ווי געוויינלעך. נאָך איין חלום פון קליין מענטשעלע ווערט אויסגערונען.

### 66. זוניק לאַנד:

### 66. Sunnyside

טשאַרלי קריגט אַרבעט אין אַ האָטעל לעבן אַ שטעטל. ער איז געצוואונגען צו אַרבעטן פון די פריסטע שעה'ן פון טאָג ביז שפּעט ביינאַכט. זיין איינציקע טרייסט אין לעבן איז די שיינהייט פון שטעטל, אין וועמען ער איז פאַרליבט איבער די אויערן. טשאַרלי ווערט פאַרוואונדעט ביי דער אַרבעט — ער פאַלט אַריין אין אַ גרוב — און פאַרלירט דעם באַוואוסטזיין. אין זיינע האַלוצינאַציעס דערזעט ער זיך אַלס דער הערשער פון אַ מחנה שיינהייטן אין אַ פאַנטאַסטישן

וואַלד. ער פירט מיט זיי דורך פאַרשיידענע טענץ. אַ געשריי פון זיין שטרענגען באַלעבאָס מונטערט אים אויף און טשאַרלי קערט זיך אום אין האָטעל, וואו ס'קומט־אָן אַ פראַנט, וועלכער פאַרמעסט זיך אַוועקצונעמען ביי אים די שיינהייט פון שטעטל. נאָך אַ ריי פאַר־מעסטן מיטן פראַנט קומט טשאַרלי אַרויס דער זיגער אויף דעם געביט.

## .67 אַ טאָג פון פאַרגעניגן:

## 67. A Day's Pleasure

טשאַרלי, דאָס קליינע מענטשעלע, באַשליסט ענדלעך מהנה צו זיין זיין משפחה מיט אַ טאָג פון פאַרגעניגן. ער זעצט־אַריין זיין פרוי און קינדערלעך אין זייער אויטאָמאָביל פון מתושלחס צייטן און פירט זיי אַלעמען איבער די גאַסן פון שטאָט. פאַרשטייט זיך, אַז דער אויטאָ־מאָביל ברעכט צוזאַמען. דאַן נעמט ער זיי אַלעמען אויף אַ לוסט־רייזע אויף אַן עקסקורסיע־שיף. אויך דאָ האָט טשאַרלי היבשע צרות, באַזונדערס אין זיינע באַמיאונגען צו עפענען די שטולן אויף דער שיף. אויסגעמאַטערט און היבשלעך פאַרביטערט, קומט־אָן אַהיים דאָס קליינע מענטשעלע מיט זיין משפחה נאָך אַ טאָג פון „פאַרגעניגן".

## .68 דאָס קינד:

## 68. The Kid

טשאַרלי געפינט אין גאַס אַ קליין קינד, וואָס אַ יונג מיידל האָט איבערגעלאָזט. ער נעמט דאָס קינד אין זיין אָרעמער היים. פינף יאָר גייען פאַרביי. דאָס קינד איז אונטערגעוואַקסן און העלפט טשאַר־לין זיך מפרנס זיין דורך ברעכן שויבן אין פענצטער פון געשעפטן. טשאַרלי איז איצט אַ גלעזער. באַלד ווי דאָס קינד ברעכט־אויס אַ שויב, באַווייזט זיך טשאַרלי דער גלעזער. דאָס קינד ווערט קראַנק און, לויטן באַפעל פון שטאָט־דאָקטאָר, ווערט ער אַוועקגענומען אין אַ צדקה־אַנשטאַלט. טשאַרלי גנבעט אַרויס דאָס קינד און ביידע באַהאַלטן זיך אויס אין אַ נאַכטלעגער פאַר דער אָרעמשאַפט. די מוטער פונעם קינד איז פאַר דער צייט געוואָרן אַ באַרימטע אָפּעראַ־זינגערין און זי מעלדעט דורך די צייטונגען, אַז זי וועט געבן אַ גרויסע באַלוינונג צו יענעם, וואָס וועט געפינען איר פאַרלוירן קינד. דער אייגנטימער פון נאַכטלעגער גנבעט איצט אַוועק דאָס קינד פון טשאַרלין און ברענגט אים צו זיין מוטער. טשאַרלי, אַן אַנטוישטער און אומעטיקער, זעצט זיך צו אויף אַ גאַניק פון אַ הויז און דרעמלט־איין. אין חלום איז ער אַרומגערינגלט פון פליענדיקע מלאכים. אַ פּאָליציימאַן וועקט אים אויף. אָנשטאָט אָבער אַריינצוזעצן אים אין אַ פּאָליציי־וואָגן און אַרעסטירן, נעמט אים דער פּאָליציימאַן אַריין אין אַ שיינעם אויטאָמאָביל און פירט אים אָפּ צו דער אָפּערע־זינגערין און צום קינד, וואָס האָט די גאַנצע צייט געבענקט נאָך זיין פריינט, טשאַרלי.

## 69. דער קלאַס פון ליידיקגייער:

## 69. The Idle Class

דער היימלאָזער טשאַרלי פאַרליבט זיך אין דער פרוי פון אַ מיליאָ־נער, וועלכער איז אויך אַ גרויסער שיכור. נאָך אַ געיעג מיט דער פּאָליציי באַהאַלט זיך אויס טשאַרלי אין פּאַלאַץ פון דער פרוי, וואו די „שיינע געזעלשאַפט" פירט דורך אַ מאַסקאַראַדן־באַל. די פרוי גלויבט, אַז דער פאַרמאַסקירטער טשאַרלי איז אינדעראמתן איר מאַן און זי דערקלערט זיך אין ליבע צו אים. פּלוצים באַווייזט זיך אין זאַל איר מאַן, וועלכער איז פאַרמאַסקירט אין די מעטאַלענע מלבושים פון אַ ריטער. נאָכדעם ווי דער מאַן נעמט־אַראָפּ, מיט דער הילף פון עטלעכע האַמערס, זיינע מעטאַלענע מלבושים, ווערט אַ געיעג נאָך טשאַרלין, וועלכער טראָגט זיך אָפּ צו ראַטעווען זיין לעבן.

## 70. אין טאָג פון שכירות:

## 70. Pay Day

טשאַרלי, אַ בוי־אַרבעטער, פירט אַ מאָנאָטאָנעם לעבן. ער האָרעוועט שווער אַ גאַנצן טאָג, טראָגנדיק ציגל. אין אָוונט ווערט ער כסדר פאַרפאָלגט דורך זיין פרוי, וועלכע נעמט אַוועק פון אים ביזן לעצטן סענט. אין טאָג פון שכירות גיט זיך איין טשאַרלין אויסצולייזיקן די קעשענעס פון זיין פרוי און ער לאָזט זיך אַוועק צוזאַמען מיט זיינע פריינט איבער די שענקען פון שטאָט. ער קערט זיך אום אַהיים פונקט דאַן, ווען דער אַלאַרם־זייגער קלינגט ער זאָל זיך אויפכאַפּן. טשאַרלי מאַכט זיך, ווי ער שטייט־אויף פון שלאָף און טוט זיך אָן. זיין פרוי, וועלכע ווייסט, אַז ער איז נאָר־וואָס אַריינגעקומען, טרייבט אים שנעל אַרויס צו דער אַרבעט.

## 71. דער עולה־רגל (פּילגרים):

## 71. The Pilgrim

טשאַרלי אַנטלויפט פון תפיסה, געקליידט ווי אַ גלח. ער קומט־אָן אין אַ שטעטל, וואו די איינוואוינער דערוואַרטן זייער נייעם גלח. זיי נעמען־אָן טשאַרלין פאַר זייער נייעם גלח און ברענגען אים מיט פּאַראַד אין שטעטל. טשאַרלי ווערט געבראַכט אין קירך, וואו ער פּרעדיקט, אין דער שפּראַך פון פּאַנטאָמימע, די מאָראַל וועגן געפעכט צווישן דודן און גליתן. די איינוואוינער פון שטעטל קומען צו אים אַהיים אָפּצוגעבן כבוד זייער נייעם גלח. ביינאַכט ווערט דאָס הויז באַפאַלן פון גנבים. צווישן די גנבים געפינט זיך אויך איינער, וועל־כער איז געזעסן מיט אים אין טורמע. טשאַרלי פאַרטרייבט די גנבים. פּאָליציי קומט־אָן. אין דער אויספאָרשונג דערוויסט זיך פּאָליציי, אַז דער נייער גלח איז אַן אַנטלאָפענער אַרעסטאַנט. דער הויפּט פון דער פּאָליציי האָט אָבער אַ האַרץ פון גאָלד. אַנשטאָט צו אַרעס־טירן טשאַרלין, פירט ער אים אַריבער די גרענעץ און לאָזט אים אַוועק איבער דער פרייער וועלט פאַרצוזעצן זיינע וואָגלענישן.

# טשאַפּלין דער אומאָפּהענגיקער פּראָדוצירער — 1957 — 1923
## UNITED ARTISTS FILMS (1923-57)

72. אַ פרוי פון פּאַריז (1923):

**72. A Woman of Paris—1923**

טשאַפּלין האָט באַצייכנט דעם פילם אַלס „דראַמע פון שיקזאַל״. דעם פילם האָט טשאַפּלין בלויז רעזשיסירט. מאַרי און זשין, איינ־וואוינער פון אַ קליין שטעטל אין פראַנקרייך, זיינען פאַרליבט און באַשליסן חתונה צו האָבן. מאַריס פאָטער געפעלט ניט דער שידוך און ער צווינגט זיין טאָכטער צו פאַרלאָזן דאָס הויז. מאַרי און איר געליבטער, זשין, קלייבן זיך אָפּצופאָרן קיין פּאַריז. זיי דאַרפן זיך טרעפן אויף דער באַן־סטאַנציע אין שטעטל. זשינס פאָטער שטאַרבט פּלוצים, און זשין באַוויזט זיך דעריבער ניט אויף דער סטאַנציע. דאָס מיידל דענקט, אַז זשין האָט חרטה געקראָגן און פאָרט אַליין אָפּ קיין פּאַריז. דאָס מיידל ווערט אין פּאַריז די געליבטע פון אַ רייכן הולטאַי, פּיער. פּיער האָט חתונה פאַר אַ מיליאָנערסקער פרוי. ער איז אָבער נאָך אַלץ פאַרליבט אין מאַרין און האַלט זי אויס. מאַרי באַגעגנט זיך אין פּאַריז מיט זשינס מוטער אין אַ סטודיאָ. די פרוי דערציילט, אַז איר זון איז איצט אויך אין פּאַריז און אַז ער איז אַ מאָלער. זשינס מוטער פאַרבאַט אָבער מאַרין צו באַנייען די ליבע מיט איר זון. מאַרי איז דאַן געצוואונגען פאָרצוזעצן אירע באַגעגענישן מיט פּיערן. אויף אַ הוליאַנקע טרעפן זיך זשין און פּיער און צעשלאָגן זיך. זשין באַגייט זעלבסטמאָרד. זשינס מוטער באַשליסט צו דער־שיסן דאָס מיידל אויס נקמה פאַרן זעלבסטמאָרד פון איר זון. די אַלטע פרוי גיט אָבער אויף איר מאָרד־פּלאַן, ווען זי געפינט מאַרין ביים אָפענעם קבר פון איר זון אַ פאַרווייינטע. ביידע פרויען, די מוטער און מאַרי, קערן זיך אום אין שטעטל און ווידמען זייערע לעבנס פאַר דערציאונג פון קינדער.

73. דער גערעגע נאָך גאָלד (1925):

**73. The Gold Rush—1925**

טשאַרלי איז איינער פון די פיל גאָלד־זוכער אין אַלאַסקאַ אין 1898. אין אַ שניי־זאַווערוכע פאַרבלאָנדזשעט ער אין אַ כאַטע פון אַ צווייטן גאָלד־זוכער, וועלכער האָט שוין געפונען אַן אוצר. ער ווערט אָבער פאַרטריבן פון דעם אכזר און קומט־אָן אין אַ שטעטל, וואָס איז באַ־זעצט פון פאַרדעכטיקטע פאַרשוינען, וועלכע טרוימען אויך צו ווערן מיליאָנערן איבער נאַכט. ער קומט־אַריין אין אַ שענק. די אַנוועזנ־דיקע לאַכן זיך אויס פונעם אויסגעהונגערטן גאָלד־זוכער. ער נעמט זיך אָן מיט מוט און לאַדט־איין די טענצערינס פון שענק צו קומען צו אים אַהיים און פייערן צוזאַמען דעם אָנקום פונעם נייעם יאָר. די מיידלעך אַנטוישן אים. אין שטעטל קומט־אָן דער אכזר־מיליאָנער, וועלכער האָט צוליב דער שניי־זאַווערוכע פאַרגעסן דאָס אָרט, וואו

זיין אוצר איז באַגראָבן. טשאַרלי פירט אים צוריק צום אוצר און דער־
פּאַר קריגט ער אַ העלפט פונעם באַגראָבענעם גאָלד. טשאַרלי איז אַ
מיליאָנער. ער קערט זיך אום צוריק קיין אַמעריקע אויף אַ לוקסוס־
שיף, וואו ער באַגעגנט זיך ווידער מיט דער הויפּט־טענצערין פון
שענק אין אַלאַסקאַ, וועלכע איז צווישן די אָרעמע פּאַסאַזשירן פונעם
דריטן קלאַס. אין דער געזעלשאַפט פון טשאַרלין, דעם מיליאָנער,
פילט זי זיך איצט גליקלעך.

### 74. דער צירק (1928):

**74. The Circus—1928**

טשאַרלי קריגט אַרבעט אין אַ וואַנדערנדיקן צירק. אַן אייזל צע־
בריקעט זיך און שטויסט אַריין טשאַרלין אויף דער צירק־אַרענע.
טשאַרלי נעמט־אויס ביים עולם און ווערט באַלד באַשטימט אַלס
דער הויפּט־קלאָון אינעם צירק. ער פאַרליבט זיך אין דער שיינער
מערנאַ. זי פירט אָבער אַ ליבע מיטן אַקראָבאַט רעקס. דער צירק־
אייגנטימער צעשלאָגט זיין שטיף־טאָכטער מערנאַ. טשאַרלי נעמט
זיך אָן איר קריוודע און איז אַליין געצוואונגען צו פאַרלאָזן דעם
צירק. דאָס מיידל פאַרלאָזט אויך דעם צירק און קומט צו טשאַרלין.
ער ברענגט זי אָבער צוריק צו איר געליבטן, דעם אַקראָבאַט רעקס.
זיי האָבן חתונה. דער צירק־אייגנטימער פאַרבאָט אָבער טשאַרלין
צו בלייבן אין צירק. דער פאַרביטערטער טשאַרלי לאָזט זיך ווידער־
אַמאָל אַוועק אויפן לאַנגן וועג.

### 75. ליכט פון שטאָט (1931):

**75. City Lights—1931**

(אינהאַלט אויף זייטן 27־28).

### 76. מאָדערנע צייטן (1936):

**76. Modern Times—1936**

(אינהאַלט אויף זייטן 53־54).

### 77. דער גרויסער דיקטאַטאָר (1940):

**77. The Great Dictator—1940**

(אינהאַלט אויף זייטן 54־65).

### 78. מעסיע ווערדו (1947):

**78. Monsieur Verdoux—1947**

(אינהאַלט אויף זייטן 84־90).

### 79. בינע־ליכט (1952):

**79. Limelight—1952**

(אינהאַלט אויף זייטן 90־94).

### 80. אַ קעניג אין ניו־יאָרק (1957):

**80. A King In New York—1957**

(אינהאַלט אויף זייטן 131־134).

